י. ה. ראַדאָשיצקי

# ליד אין אומרו

לידער און פּאָעמען

* * פאַרלאַג ר. י. נאָוואַק — ניו יאָרק, 1950 * * *

# LID IN UMRU

*Poems by*

J. H. RADOSHITZKY

*Drawings by*

PAUL SKOORKA

צייכענונגען פון פנחס סקורקא



1497 Carroll Street

Brooklyn 13, N. Y.

Printed in U.S.A.

By GRENICH PRINTING CORP.

New York, N. Y.



מחבר פון די ביכער:

„די וועלט אין פלאַמען“

(פּאָעמע)

פאַרלאַג „געזאַנגען“, לאָדז, 1919

„ר אַ ד אָ ש י ץ“

(לידער און פּאָעמען)

פאַרלאַג „אייגענע“, ניו־יאָרק, 1927

אַ האַרציקן דאַנק —

צו מיין איידים — וויליעם גאָרדאָן —

פאַרן דערמעגלעכן

אַז מיין בוך זאָל דערשיינען.

דער מחבר

# אָפּטיילונגען:

## אין דער פרעמד

אויף די גאסן צווישן מענטשן, אויטאס און מאשינען,
פלאנטערט זיך מיין גוף ארום ווי פרעמד.
פרעמד איז מיר די שטאט און פרעמד די מענטשן.
און איך אליין ווער פרעמד מיין אייגן לייב.

די הייזער קוקן אן מיך פרעמד און שווייגן.
און אלץ וואס איז געווען, אמאל מיין אייגן —
ווערט מיר פרעמד:

מיין שארבן אויפן קאפ ווערט שווער, ווי אייזן,
פון שארבן מיינעם קוקן פרעמדע אויגן...
און אלע, די וואס קומען מיר אקעגן —
בלייבן פרעמד און שלייכן זיך פארביי, פארפרעמדט...

איך גיי אלעמען אקעגן — פרעמד —
און אטעם אוים מיין מענטשן-ליבע אויף די פרעמדע גאסן.

(1921)

## נאַכט איבער שטאָט

גרויע הימלען, בלייכע, הענגען איבער הויכע מויערן,
קאַלטע הימלען, ווי די הויט פון טויטע פרויען־לייבער;
ריזן־הייזער שטייען, שטאַר די קעפּ מיט שטומע טרויערן;

אויגן־פלעמלעך, לעשן זיך אין שויבן;
האָפענונגען צאַנקען דאָרט פון אויבן:

ריזן שיקן אומעטיקע סודות צו די טיפן, —
פון דער שטאָט, מיט דער שפּראַך, פון הירעגליפן...

און איבער זייער שטיינער־קאָפּ, דעם הוילן שאַרבן, —
לעשן זיך מיליאַנען טרוימען אוים: „גוד־נייט!" און שטאַרבן...

## נאָך שלאָפט די שטאָט

נאָך שלאָפט די שטאָט —
אַראָפּגעלאָזט די ברעמען דרימלען אַלע הייזער.
עס דרימלט נישט דער ווייזער
אויפן טורעם־זייגער, הויך —
שעהן, שווערע פאַלן קאַלט אויף שטיין און אייזן:
קלינג, קלאַנג, קלינג, קלאַנג...

עס נעמט אַרום אַן אימה מיך, אַן אימה —
פון יעדער שעה וואָס שלאָגט.
איך הער עס קלאָגט:
„עס גייט אַן אייביקייט אין יעדן קלאַנג פאַרלאָרן"...
און ערגעץ ווערט אַ טריבער טאָג געבוירן, —
פאַר דער שטאָט.

## פֿון האָדסאָן צום ים

פֿון איין זייט — פּיראַמידן־שטאָט:
טורעמס פֿון „עמפּייער" און פֿון „וואולוואָרט" — הויך און שיין.
פֿון צווייטער — בערג, פּאַליסאַדן, — געהאַקטע פֿלאַסטן שטיין:
טרעפּ אויף טרעפּ, — גלאַנציק גלעט פּליטן,
ווי פֿון סקולפּטאָרס הענט געשניטן,
מיט קענדזשערדיקע ביימלעך, — דאָ און דאָרט צעשטעלט,
וואָס קלעטערן ווי גרינגע פּאַיאַצלעך, אויף שטיינער־קערק, —
העכער, הויך אַרויף, צו די שפּיצן בערג, —
גלייך און קרום, זיגזאַגיש, דורכגעשניטן.

און איינגעראַמט, פֿון ביידע זייטן, אין דער מיטן —
שלענגלט זיך דער האָדסאָן־טייך און וואַשט די ברעגן,
וואו לויפֿנדיקע באַנען יאָגן זיך, פֿון ביידע זייטן וועגן:
טאָג נאָך טאָג רוט נישט דער שטראָם פֿון זיינע טיפֿן, —
איבער זיינע שטראָמענדיקע כוואַליעס שווימען שיפֿן
בייכערדיק, מיט אויסגעשטרעקטע מאַסטן, פֿענער אויף די שפּיצן
פֿלאַטערן, מיט שטאָלץ אַרויף צו פּאַליסאַדן.
און מיט ברום, ווי לייבן וואָלטן זיך צערעוועט און צעפּאַלן —
מרוטשען ווילד און רופֿן ווייט סיגנאַלן:

„אוצרות טראָגן מיר, טיף אין זיך פֿאַרבאָרגן:
די ווייטע וועלט מיט האָב און גוטס, דאָרט צו פֿאַרזאָרגן;
ברויט און שטאָל, קופּער, וואָל און זייד־געוואַנטן —
צו אַלע ווייטע גלאָבוס־קאָנטינענטן!"

און די שיפֿן שניידן זיך דורך שוים פֿון זילבער־פּאַסן,
קוימענס שפּייען רויך פֿון אַלע זייטן —
פֿאַרהילנדיק אין רויך־טומאַנען, שוואַרץ, די פּאַליסאַדן־קייטן.

## ביים האָדסאָנס שטילע וועגן

ווי גלאַטיק, גרוי עס ציען זיך די שטילע קאָנקריט וועגן,
וואָס שימערן פון אויפגאַנג ליכט — באַשיינט,
מיט הויכע, שלאַנקעביימער ביי די זייטן,
מיט הייזלעך, איינגעטונקענע אין גרינס, מיט בלומען־קוויטן,
די בושעס גלאַנצן, הויבן זיך און ציען.
די גרינע בלעטערדיקע ביימער־שפּיצן גליען:
אויף אַלעם רוט אַ גאָלד־געוועב — ווי אויף פעלדער, וועגן,
פאַר דעם וואָס שפּאַנט דעם נייעם טאָג אַקעגן.

ס'איז פרי נאָך, פרי — די טראַקטן דרימלען, ליידיקע.
די שויבן פון די „קאַטעדזשעס" צירן זיך מיט טאָגן,
די זון גייט אויף און שפּיגלט זיך אין האָדסאָן־טייך,
וואָס שניידט זיך קוואַלנדיק דורך גרינע טאָלן
און שטראָמט, דערוואַכט מיט אַ געזאַנג, דורך שוימען.
מיט פרישקייט אָטעמען די בערג, מיט ביימער צו די רוימען,
מיט שוועבנדיקע וואָלקנדלעך, איבער זיי, ווי וואַסער־וואַלן,
און ס'לויכטן אויף די בערג העל ווי מיט פייער־שטראַלן!

איך ווענד מיין בליק צום צווייטן האָדסאָן־ברעג, מיט הייזער־רייען —
צום מעטראָפּאָל, וואָס שטאַרצט גיגאַנטיש אויף, מיט בריקן
וואָס ציען זיך פאַזע טייך, אין אַ געמיש פון מאַלערייען!
איך קוק אויף דיר מיט אַ געזאַנג אין האַרץ — אַמעריקע!
און אויף דיין בליענדיקער רחבות פון דער ערד —
וואָס איז פון גאָט פאַר דיין פאָלק, און פאַר מיר באַשערט.

# נאַכט אויפֿן האָדסאָן

עס ציען זיך איבערן האָדסאָן אויף קייטן ריזיקע בריקן,
באַהאַנגען מיט לעמפּלעך, וואָס לייכטן ווי גרויסע אַפּאַלן
און וואַרפֿן אַן אָפּשיין און שפּיגלען זיך אָפּ אינעם וואַסער ווי שטראַלן.
די שיפֿן, באַלויכטענע שווימען, גראַציעזע, מיט רחבות ווי ווייסע
פּאַלאַצן
און שניידן דעם האָדסאָן מיט זילבערנע מעסער, די כוואַליעס ווי
שטאָלענע טאַצן
זיך הויבן און זשאָנגלען — צעפּאַלן אין שניי-ווייסע שוימען.

עס פֿלאַטערן פֿענער מיט שטאָלצקייט צום הימל, עס הילכט מיט
סיגנאַלן דער קוימען —
צו שיפֿן באַלאַגערט מיט מענטשן, וואָס קומען מיט דאַרפֿישערשלוה,
עס פּלעסקען די כוואַליעס און קושן די ברעגן מיט יום-טוב, מיט
פֿריידיקע טרוימען.

די נאַכט זעגלט מילד אויפֿן האָדסאָן מיט טענער פֿון זילבערנע פֿלייטן, —
באַגלייטנדיק מענטשן, נאָך אָפּרו פֿון זונטיק — אַהיים צו דער שטאָט
מיט די מוערן —
מיט טורעמס געשטאַקטע, וואָס בלענדן פֿון ווייטן, מיט טויזנטער
אויגן, וואָס לויערן...

עס שווימען פֿאַלייען דורך טונקעלע כוואַליעס, וואָס הויבן זיך שוימיק
און לוישן,
געזאַנגען — פֿון האַפֿן, — פֿאַרהילכן די רעדער פֿון שיפֿן, די לויפֿנדע
כוואַליעס וואָס רוישן:
עס פֿאַלן די יובלען פֿון הערצער, אויף כוואַליעס, וואָס טראָגן אַוועק
ווייט די גליקלעכע שעהן.

די טורעמס און הייזער, פֿון ווייטנס, — דערמאָנען פֿון ראַשיקן ראַנג-
לען און מיען...
די נאַכט רוט מיט שטערן אויף בערג הויך, באַבוימערט און מיד
איינגעשלאָפֿן:
פֿאַרגאַנגען אַ טאָג גיך מיט לידער פֿון יום-טוב! דער טאָג איז מיט
בענקשאַפֿט אַנטלאָפֿן...

## שיין זיינען דיינע יונג־פרויען, אמעריקע

שיין זיינען דיינע יונג־פרויען — אמעריקע!
שלאנק זיינען די פיגורן זייערע און גראציעז.
די ווייבלעכקייט קוועלט פון זייערע לייבער,
זיי פרייען זיך מיט דיינע זוניקע הימלען,
אין זייערע אדערן גליט די פרייד
פון דיינע אויפגייענדיקע פריירי־זונען.
שיין זיינען דיינע בתולות און בליענדיק,
ווי די קארשן־ביימער אין ווייסן צוויט —
אין דעם גאלדענעם חודש מאי!

שיין און געבענטשט איז דיין יוגנט, אמעריקע!
באחנט מיט דער בענקשאפט פון שיר השירים.
פון זייערע בענקענדיקע מיידל־אויגן שימערן
דיינע בלויע אויסגעשטערנטע אטלאס־הימלען,
און די גליענדיקע בלוטן — ווי דער רויטער וויין, —
פולסירט אין זיי, דער ריטמישער אומרו פון אטלאנטיק!
פון זייער עלאסטיש באוועגן זיך, זינגט
דער דינאמישער גאנג פון מיסיסיפי.
געטאקט און קרעפטיק זיינען די יונגע ביינער זייערע,
מיט די זאפטן פון דיינע אורוועלדער,
פון די ווייסע רויזן־פנימער אטעמט דער חן
פון די מאמעס פון דער ביבל־צייט.

נידערט דעמערונג איבער דיין בליענדיקער ערד,
לעצטע גאלדענע פארנאכט־שטראלן נעמען זיך טובלען
אין די פארחלומטע שטראמען,
און דער גליענדיקער געלייטערטער גוף פון דער זון
פארבארגט זיך אונטער בלוי־זיידענע האריזאנטן,
ווען איבער הימלען באווייזן זיך מיליאנען דימענטן —
ווערן פול דיינע פראמענאדן און גערטנער —
מיט דיינע פריידיקע זין און טעכטער:

גייט אויף אַ געזאַנג צווישן דיינע גרינעביימער —
ווי אַמאָל, אַמאָל ביי די טעכטער פון ציון,
ווען יעקבס קינדער באַלאַגערן פלעגן די געמערק
מיט קאָשיקלעך פּירות פון די פּרדסים,
און טאַנצן צווישן די צעדערן און פּאַלמען־ביימער,
מיטן געזאַנג פון שיר־השירים!

אַזוי זינגען היינט דיינע טעכטער, אונטער די לינדן־ביימער,
אין די אָרעמס פון די באַשערטע — דיינע ריזן־זין,
דער צער וווייכט אויס זייערע פרידלעכע ריינע שוועלן.
דער הימל מיט בלענדיקע שמאַראַגדן —
הענגט איבער זייערע שטאָלצע קעפּ ווי אַ קרוין!
און די אייביקע רחבותדיקע ערד אונטער די טריט —
איז זייער פעסטונג און שטאַרקער פּאַנצער.

נאָר די „פּאַרקוועי־לינדן" מיט די קופּער־מצבות —
„מאָנומענטן־שילדלעך" מיט נעמען פון די געפאַלענע העלדן —
פּאַר דער זיכערקייט פון זייער לאַנד,
און פּאַר דער באַפרייאונג פון דער וועלט —
זיי צערן אַרויס ביינאַכט פון די צעגרינטע לינדן־ביימער,
ווי נישט געזעענע גייסטער, אין לבנה־שלייערן —
טויכן זיי אַרויס און טאַנצן מיט די מיידלעך,
דעם נישט־דערלעבטן חופּה־טאַנץ...
זיי שוועבן מיט די „כלהס" געהילט אין לבנה־טיולן —
שוועבן דעם נישט אויסגעלעבטן יונגן טרוים.

## פֿאַרנאַכט בײַם ים

דער דיכטער שטעלט זיך אָפּ בײַם ים
פֿאַרנאַכט, מיט זײַן באַגלייטער;
די זון פֿאַרגייט, דער מערב פֿלאַמט
דער ים ברענט ווי אַ שייטער.

די זון פֿאַרגייט, באַלד קומט די נאַכט
די כוואַליעס רוישן, ברומען;
דעם דיכטערס ליפּן מורמלען שטיל:
די זון וועט ווידער קומען;

זי גליט אין מזרח אויף, באַגין,
אין מערב גייט זי אונטער;
גאָטס ליכט שטראַלט אייביק איבער אונדז —
האַרבסט, פֿרילינג, זומער, ווינטער.

דער מענטש נאָר בלײַבט נישט אייביק דאָ —
ער פֿליספּערט שטיל אַ בלאַסער,
דערהויבט אַ שטיינדל פֿון דעם ברעג
און שלײַדערט עס אין וואַסער;

דאָס וואַסער רוישט, דאָס שטיינדל זינקט
און ווערט אין תהום פֿאַרפֿאַלן;
די האָריזאָנטן טונקלען שוין,
עס לעשן זיך די שטראַלן.

די נאַכט דעקט־צו דעם ים מיט צער,
די כוואַליעס און די רוימען;
דער דיכטער קוקט צום הימל, טריב —
זײַן האַרץ איז פֿול מיט טרוימען.

## און בלייבסטו שטיין אַמאָל

די צייט זי שטראָמט און ציט —
אַ ים אָן רו — איר גאַנג,
די זון פאַרגייט און גליט —
נאָך אייביקייטס-פאַרלאַנג!

דו וואַנדערסט, אַ געשטאַלט,
אויף דעמערדיקן שטעג:
די לעצטע שעה פון טאָג
באַגעגנט דיך אין וועג.

דו שפּאַנסט און ווייסט נישט וואו,
פון האָפענונג באַגלייט,
פּונקט ווי דער פויגל פליט,
מיט בענקשאַפט, צו דער ווייט.

דו שפּאַנסט: פון פאָרנט — נאַכט,
פון הינטן — אַלץ פאַרזינקט
און איבער דיר, דאָרט הויך —
דער ערשטער שטערן בלינקט.

און בלייבסטו שטיין, אַמאָל —
קוקסטו אום זיך — מיט באַדויער:
ליגט אויסגעשפּרייט פאַר דיר
אַ וועלט געהילט אין טרויער.

## אויפֿן „באַרדוואַק" ביים ים

א הויכער אַלטער מאַן, ווי אַ חורבה־הויז,
די ביינער שטאַרצן פֿון זיין דאַרן גוף אַרויס,

דער קאָפּ איז גרוי, די פּלייצע הויקערדיק, צעריסענע די שיך —
ער שלעפּט אַ וועגעלע אויפֿן „באַרדוואַק", גיך:

אַ פּאָרל זיצט אין וועגעלע — שטאָלצע דזשענטלליים,
דאָס פּאָרן זיי — פֿאַרטומלען זיך די פּוסטע צייט;

אַן ער — אַ ריזן־יונג מיט אַ ציגאַר אין מויל —
שיסט די שלאַנגען רויך, בלאָזט אַ קנויל נאָך קנויל.

און זי מיט רינגען פֿול די הענט, דאָס פּנים רויט און פֿעט,
די אויגן גרין און קאַלט שמייכלען מיט אַ גלעט:

דורך לוקסוס פֿון דעם רייכן לאַנד — שפּאַנט די נויט:
אַן אַלטער מאַן, פֿון הונגער אויסגעצערט די הויט;

דאָס פּייפּל אין זיין מויל, עס פּייפֿט: „וואַטש יור סטעפּ!"
זיין ווייסער קאָפּ שטאַרצט הויך אַריבער אַלע קעפּ;

ער שטופּט דאָס וועגעלע, די אויגן קוקן שטאַר —
פֿאַראויס זיך ציט, פֿאַראויס זיין שטילער צער;

די אָדערן ווי שנירן, בלאָזן זיך אין לייב —
דאָס שלעפּט די נויט אַ וועגעלע, מיט מאַן און ווייב;

דער אַלטער שטופּט דאָס וועגעלע, דאָס פּייפּל זיינער רופֿט —
ס'פּאַלט יעדער פּייף — דוכט זיך, איבער מענטשן־קעפּ און שטראָפֿט.

נאָר טויב איז וועלט פֿאַר דעם — דאָס לעבן רוישט און קאָכט:
אַ קאַרנאַוואַל פֿון מענטשן־כוואַליעס שפּאַנט און שטיפֿט און לאַכט!

עס ברויזט און ס׳זידט, די יוגנט שפּאַנט מיט שטיפעריי,
אַ סימפּאָניע פון מענטשלעכן געזאַנג שוועבט פאַרביי.

נאָר ער, ער שטופּט דאָס וועגעלע, פּאַר פּענים קוים אַ פּאָר,
עס טרויערן אויף זיין קאָפּ די ווייסע זילבער־האָר;

ער שניידט זיך אין זיין וועג, זיגזאַגיש אין געדריי,
דער ביינערדיקער קערפּער דרייט זיך אַזש אין צוויי.

דער באָרדוואָק שאַלט און זינגט, אַ יובלדיק געזאַנג!
די זון אין מערב האָט פאַרלאָשן זיך שוין לאַנג.

אויפן באָרדוואָק פּייקלען פיס — אַ סימפאָניע פון טריט.
אויפן הימל האָט דער אָוונט זיך מיט שטערן ווי צעגליט.

לעמפּלעך ווי קרעלן־שנירן — וואַרפן רעגנבויגן־ליכט!
ער שטופּט דאָס וועגעלע, טוט הונגעריק זיין פליכט:

ער פירט דאָס פּאָרל העט אַוועק — צום ברייטן ביטש,
און רייסט זיך דורכן מענטשן־שטראָם מיט אַ פייפל־קוויטש.

נאַכט שוין אויפן ים, כוואַליעס פּליעסקען שטיל,
ווינטלעך גלעטן ס׳לייב און קושן ס׳פּנים קיל.

(1929)

## ים־בענקשאַפֿט

אין מערב־זייט די וואָלקן־כוואַליעס זיך צעגליען,
און פֿאַלן אויפֿן שפּיגל־ים ווי גאָלדן שטויב, פֿאַראויס,
די מעוון זעגלען צו די נעסטן הויך און ציען
אונטער פֿיאָלעט וואָלקנדלעך וואָס לעשן זיך שוין אויס.

דער הימל עפֿנט אויף זיין רחבות — וואונדער פֿון קאָלירן,
דער טאָג נעמט שיידן זיך מיט אַלץ, — איינדרימלען שוין,
די האָריזאָנטן טונקלען, בלוי, די שטערן שימערירן,
און ס׳שפּיגלט זיך די נאַכט אין ים מיט איר שטערן־קרוין!

## אַ שטאָט

(לעגענדע)

געפֿאַלן איז אַמאָל אַ ריז, פֿאַזע ים, ביים ברעג,
זיינען מענטשן צוגעשוואומען, מיט האַק און זעג —
זיין גוף באַטראַכטן, גיך: „העי! ס׳איז פֿעלדז און שטיין!"
און שטיקערווייז געריסן פֿון זיין שטיינער־הויט,
פֿון די האַרטע פֿלאַסטן טאָג און נאַכט געבויט!

זיינען הייזער אויפֿגעוואַקסן אויף זיין טויטן האַרץ,
גאַסן זיך צעשלענגלט גלאַנציק, לאַנג און שוואַרץ;
שטייען שווערע הייזער ביי אים אויף די הענט און פֿיס:
ליגט אַ שטאָט, אַ מײַלן־ווייטע, אויף אַ טויטן ריז!

ליגט אַ שטאָט, אַ מײַלן־ווייטע, פֿאַזע־ים, ביים ברעג.
יאָגן זיך, אויף איר, מיליאָנען מענטשן, אייביק אין געיעג;
רוישן באַנען אויף איר — אין דער ערד אויך — הין און צוריק:
מענטשן יאָגן נאָך דאָרט — דוכט זיך — אַ פֿאַרשוואונדן גליק!

## דריי וואַנדערער (פּאָעמע)

אין חודש מאַי,
ניינצן הונדערט צוויי און דרייסיק:
געגאַנגען זיינען דורך די גאַסן פון ניו־יאָרק —
דריי וואַנדערער —
דריי טרוימער —
פון דער נייער צייט:

דריי לויטערע, פון צער באַגלייט
און איבער זיי,
און איינגעהילט אין ליכט פון פרייד!
און איבער אַלע טורעם־ריזן —
אַריינגעשטאָכן מיט די רוימער־שפּיזן
טיף אין הימלישן כאַאָס —
איז די נאַכט אַראָפּגעהאַנגען קלאָר,
מיט שטערנדלעך באַשאָטן,
און נאָכגעקוקט די דריי,
וואָס זיינען ווי דריי הייליקע געטראָטן —
מיט ליבשאַפט צו דער שטאָט,
און צו דעם מענטש וואָס האָט
דעם וואונדער־מאָנומענט דערהויבן!
און יעדערער פון זיי, באַזעלט פון גלויבן —
האָט צו דער שטאָט זיין בליק געיאָגט.
און איינער זאָגט:

„די וועלט איז רייך און וואונדערלעך,
און געטלעך אַלץ, וואָס נאָר דער מענטש באַשאַפט!
נאָר הייליקער פון אַלץ — דער גייסט,
וואָס נאָר דער מענטש פאַרמאָגט "
און דער צווייטער זאָגט:
„דער מענטש איז גרויס,
און געטלעך איז זיין טאָט:

געבענטשט איז ער צו זיין די קרוין פון אונדזער ערד!
ער פלאַנצט און זייט,
עס בליט דאָס ברויט, דער וויין!
ער ברעכט און בויט, גראָבט אוצרות פון דער טיף!
ער שקלאָפט און הערשט —
די גאַנצע ערד איז זיין!"

און דער דריטער, — בלאָס —
פון אינערלעכן שטורעם —
דונערט אוים מיט כעס:

גערטלעכקייט און חכמה, — באַלייכט די נאַכט! —
נאָר גיט מיר מאַכט   אָ, גיט מיר מאַכט!
וואָס נוצט דער שכר פון ווערן נאָר געלויבט,
אַז דער וואָס שאַפט —
דער ווערט פון אַלץ באַרויבט?!
אין יאָך איז ער פאַרשקלאַפט,
און נאַקעט בלייבט ער ווי דאָס פעלד אין האַרבסט!
און הפקר איז זיין גוף ווי אויפן וועג דער שטויב;
נישט קרוין אים בלויז מיט לויב!"

ספּאַנטאַן,
ווי אַ פאַנטאַן
וואָס רייסט זיך פון דער טיפעניש אַרויס
מיט געשטורעם, צו דעם הימלישן לאַזור —
אַזוי האָט קלאָר
אַרויסגעהילכט פון אים זיין צער־געשריי,
דורך דער שטילער נאַכט:
„אָ, שטאָט! דו ריזן־שטאָט! —
דער טאָג איז נאָנט:
באַלד וועט אַ נייער מענטש אויפלייכטן פריי!"

און שטאָלץ און ניי —
האָבן זיך דריי מוטיקע,
דריי וואַנדערער — אין וועג אריין אַוועקגעלאָזט אויפסניי,
געשפּאַנט פאַרביי
די ריזן־מויערן, דורך די שטילע טורעמדיקע גאַסן,
מיט שטאָלצע טריט — דעם נייעם טאָג אַקעגן.
און דורך די מילך־וועגן,
דורך די וואָלקנס יאָגן —
אַדורכגעריסן האָבן זיך שוין פּורפּור־פּאַסן
פון דעם נייעם, ליכטיקן אויפטאָגן!

## אַזוי איז אונדז באַשערט

ווי די וואַנדער־שבטים, אין מדבר —
פאַלן דאָרשטיקע
איבער פריש אַנטפּלעקטע קוואַלן —
טרינקען און שטראַלן
איבערן שטראָמענדיקן שפּיגל:
און דאַנקען דעם וואונדער־קריגל
פון דער ערד;
אַזוי איז אונדז באַשערט
צו טרינקען פרייד און צער
פון דיין הארץ אַרוים —
מוטער ערד.

# דעם נסתרס חלום

א נסתר שפּאַנט אין וועג ביינאַכט
און זוכט דאָס ליכט פֿון טאָגן;
די נאַכט ליגט אויסגעשפּרייט אין פֿעלד
און וואָלקן־כמאַרעס יאָגן.

און וואו נישט וואו — א שטערן פֿליט
אַרויס פֿון הימלס טיפֿן —
בליצט אויף און זינקט אַראָפּ צום תהום,
צעשמעלצט זיך בלייך אין טריפֿן.

און ער — ער שפּאַנט אַקעגן נאַכט
אין שטיוול ביז די לענדן;
דאָס בלייכע פּנים שטראַלט, פֿאַרבענקט
און זיינע אויגן בלענדן.

ער וואַנדערט איינזאַם, וואַנדערט שטום
אַקעגן בייזע ווינטן;
די סוקמאַנע אַרום זיין לייב
איז מיט א שטריק פֿאַרבונדן.

די קוטשמע חלומט אויף זיין קאָפּ,
די האַנט — האַלט פֿעסט דעם שטעקן;
ער שפּאַנט און ס'הילכן זיינע טריט —
די פֿלעדער־מייז צו שרעקן ; —

די פֿלעדער־מייז זיי פֿליגלען גיך —
באַהאַלטן זיך אין צווייגן;
די נאַכט איז טריב, דער הימל גרוי,
די וועלט שלאָפֿט טויט אין שווייגן.

און ער — ער שפּאַנט אָן שרעק, דורך נאַכט —
אַ וואַנדערדיקער פֿויער;
פֿון זיינע ליפּן טריפֿט אַ ליד,
פֿון האַרץ אים גליט אַ טרויער.

„וואו שפּאַנסטו? — רופֿט אַ קול פֿון ווייט —
דעם אמת צו דערגרייכן?! —
ס'איז חושך, נסתר, אויף דער ערד,
פֿון ליכט ניטאָ קיין צייכן!

„נאָר ערגעץ ווייט, דאָרט אויף אַ באַרג —
דו זעסט אַ שטראַל דאָרט גליען? —
שפּאַן נסתר שפּאַן און ווער נישט מיד,
וועסט אפשר ס'ליכט דערציען!"

ער שפּאַנט געטרייסט, פֿאָראויס און גיך —
דורך וועלדער, גריבער, היילן;
ער שפּאַנט און ציילט, און ציילט און ציילט
די וויאָרסטן און די מיילן: —

באַרג-אויף, באַרג-אָפּ — ער וואַנדערט שטום
פֿון פֿינצטערניש אַנטרינען;
ער וואַנדערט, שפּאַנט, צייט וועלט-באַשאַף —
דעם יושר צו געפֿינען...

דעם סוף ווילט איר, דעם סוף פֿון ליד —
ווער קען דעם סוף אייך מאָלן:
איך זע דעם נסתר שפּאַנען אַלץ
דורך נאַכט און וויסטע טאָלן.

# דער לעצטער גאַנג

פון ערגעץ ווייט, אַראָפּ פון וויליאַמסבורגער בריק,
צו אַן אָרט פון וואו מען קומט נישט צוריק —
פירט טאָני איצט זיין פערד אַוועק, דעם לעצטן גאַנג;
שלעפּט אַ לאָמער זיך דאָס פערד, בלינד און קראַנק.
אַ פערד וואָס ס׳האָט דער יאָך פון אים געמאַכט אַ תּל:
די פיס צעקרימט, די אויגן — נאַכט, געריסן שטיקער פעל.
און טאָני פירט אים איצט, ער ווייס וואוהין ער פירט!
עס פּאַכט דאָס הארץ אין אים, פון פּיין און צער גערירט:
דאָס פערד געשלעפּט דעם יאָך, געווען זיין טרייער פריינד,
עס וויל זיך וויינען אים, דאָך בלייבט די טרער פאַרשטיינט.

עס בלייבט נאָך יונג דער טאָג, די גאַסן — פוסט און שטיל,
אַ זומערדיקער ווינטל פעכלט פריש און קיל.
דער הימל מאַט און גרוי, די זון — נאָך נישט אַרויס,
עס שלאָפט די שטאָט ניו־יאָרק, עס דרימלט יעדער הויז,
עס הילכן אָפּ די טריט פון פערדס באַשטאַלטע קלויען,
וואָס ווערט געפירט אַצינד באַפרייט צו זיין, צו רוען...
אָט פירט מען אים פאַרביי — די גאַס איז אים באַקאַנט:
געשלעפּט די שטיינער פאַר יעדן הויז־גיגאַנט!
געהאָלפן אויפבויען רייכער דאָ די שטאָט.
איצט פירט מען אים אַוועק צו טאָן אים זיין גענאָד...

שוין אָפּגעדינט און אויס: וואָס דאַרף מען אים דאָ מער?! —
שלעפּט מען אים צום גאַז־הויז, מיד און שווער.
דער הימל ציט זיך גרוי, נאָך זיין לעצטן גאַנג,
נאָך לאָמען פערד וואָס שלעפּט זיך בלינד און קראַנק —
אַוועק דאָרט ערגעץ ווייט פון וואו מען קומט נישט צוריק...
און ס׳קוקט אים נאָך מיט צער די וויליאַמסבורגער בריק.

## בעטלער־פרייד

דאָס היטל אין דער האַנט, מיט לאַטעס אויף די קני,
דאָס פּנים שטעכלדיק, צעקנייטשט, פון יאָרן שווערער מי...
דער ביינערדיקער גוף, איז אָפּגעצערט פון לייד, —
ער בעטלט אויף דער גאַס, באַרויבט פון לעבנס־פרייד.

אַ זקן, שטייט און וואַרט אויף מענטשנס גאָב,
עס זינקט ביי אים פאַרשעמט, הכנעהדיק דער קאָפּ,
זיין נישט געזאָגטער וואָרט צינדט אָן דיין האַרץ מיט ווייַ —
ווען דו באַטראַכסט דעם מאַן, מיט ברעמען ווייס ווי שניי.

עס בעטלט מענטש — ביי מענטש און ס׳טריפט פון אים די שאַנד,
דאָס איבערקערטע היטל — צערט ביי אים אין האַנט...
נאָר איבער אים דער הימל — שטראַלט נאָך מיט גנאָד:
עס שאַלט אַ קינדער־פרייד, וואָס טאַנצן אין אַ ראָד!

דער בעטלער לעבט אויף, מיט קינדער־פרייד וואָס שאַלט,
עס ווערט זיין פּנים יונג, זיין פאַלביק פּנים שטראַלט;
דאָס היטל אין זיין האַנט וואָס בעטלט איבערקערט —
באַליידיקט זיך און פאַלט מיט חרטה צו דער ערד.

# דאָס געזאַנג פֿון אויפֿטאָגן

איידער נאָך דער טאָג צעטאָגט,
לויטערן זיך:
גאַסן און הייזער, קלויסטערס און טורעמס,
תּפֿיסה־שפּיצן און קופּאָלן:
הויקערדיקע, האָרנדיקע שטיינער־אַקסלען
דערהויבן זיך:
„ס'טאָגט!"
סלופּעס, אויפֿגעלויכטענע,
מיט דראָטן צעצווייגטע —
צעלייכטן זיך, צעפֿריידיקן:
„ס'טאָגט!"
אַ פֿריידיקער ווינטל־פֿלאַטער
צעפֿלאַטערט זיך, צעפֿלאַפּלט זיך:
„העלאָ! העלאָ!!"
עס פֿלייטלט אין דער פּוסטקייט אַריין,
עס פֿלאַטערט אין דער ווייטקייט אַריין:
ט—אָ—ג — — — — — — !"

און פֿון די קאַמערן, שטיינערנע —
וועקן זיך מיליאָנענווייז,
ברייט־ביינקע געשטאַלטן,
מיט מוסקולן מעכטיקע —
ציען זיך אין דער בלויקייט אַריין,
מיט לאָמען און ברעך־אײַזנס;
הענט, שאַפֿנדיקע ציען זיך אין טאָג אַריין:
„ס'טאָגט!"

און דו הער זיך איין —
ווי באַנג עס ציטערט דאָס געזאַנג
פֿון שטאָט־האַרץ,
ווי באַנג, ווי באַנג!
טריט צעפּייקלען זיך איבער דער שטילקייט:

עפנט שטאַט די אויגן, גרויסע:
„וואונדערדיק!"
סלופּעס קוקן מיט בעלמע־אויגן:
„וואונדערדיק!"
קוקן —
אויף מיליאָנען גייענדיקע —
אויף מיליאָנען ליכט־טורעמלעך:
ריזן, מיליאָנענווייז,
אונטער די הימלען, ניי צעוויקלטע —
שפּאַנען, שפּאַנען זיי
און זינגען:

„גייען מיר, גייען מיר,
צען מאָל טויזנט שאַפנדיקע,
צען מאָל טויזנט פייער־קנוילן —
גייען מיר דעם טאָג אַקעגן:
טריפּ־טראָפּ, טריפּ־טראָפּ!"

און פון גלאָז־געפינקל
שפּרינגט אַרויס אַ נעגערל —
אַ ברוין־הויטיק מענטשל,
אַ מענטשל אַ גליענדיקס,
אַ זינגענדיקס,
מיט אויגן — צוויי לבנהלעך,
מיט אַ פּייקל איבערן האַרץ אָנגעהאַנגען,
פּייקלט עס:
„פּייקל־פּאַק,
פּייקל פּאַק,
פּייקל־פּאַק!"
עכאָט עס: „פּייקל־פּאַק"

און ווי ליכט־טורעמלעך, אויפגעשטראַלטע —
מחנותווייז, מיליאָנענווייז —

שפּאַנען, שפּאַנען ווײַס-הויטיקע,
שפּאַנען, שפּאַנען ברוין-הויטיקע,
און דאָס נעגערל — פּאָראויס,
מיטן פּייקל אויפֿן האַרץ, צעכראַשטשעטן
פּייקלט צו;
אויסגעשפּרייט איבער דער שטייניקער שטאָט
ליגט אַ ליכטיקייט:
בלענדן אַלע מויערן העל,
פֿייערן אַלע תּפֿיסות העל,
פֿלאַקערן אַלע קופּאָל-שפּיצן:
פֿייערט דאָס שטאָט-האַרץ
צום הימל אַקעגן
און זינגט:

„העי — בריקן: אײַזערנע —
קראָקאָדילן טויטע, אויף לאַפּעס אויסגעשפּרייטע —
אין אײַנגעווייד פֿון די שטאָט-מויערן:
ריזן מיט פֿאַקלען דערצונדענע —
קלעטערן איבער אײַך, קלעטערן
און זייערע אבֿרים גליִענדיקע זינגען:

„וועלטן בויען מיר,
נײַע וועלטן!"
און נעגערל פּייקלט צו:
„פּייקל-פּאַק:
פֿרײַ זײַנען אונדזערע וועגן,
ברייט זײַנען אונדזערע וועגן,
ליכטיק זײַנען אונדזערע וועגן,
פֿרײַ —
ווי דער וואַסער-פֿאַל פֿון געבערג אַראָפּ!"

און פֿון אַלע שטאָט-טײלן, באַקלויסטערטע,
צעהוידען זיך גלאָקן-צונגען:
„בים-באַם!" —

ציטערט דאָס גלאָקן־קלאַנג:
„דים־דאַם,
דים דאַם!"
ס'איז אַרוים דער ים פון זיינע ברעגן —
ס'האָט אויפגעוואַכט דער ים
ס'האָט אויפגעוואַכט דאָס לעבן:
מיט פייער אין די אָדערן —
אוראַלטע ריזן־געשטאַלטן,
שפּאַנען אין אויסגעחלומטע וועלטן אַריין:
דים־דאַם —
עס רוישט אַ ים,
ס'רוישן מאַסטן איבער אַ ים־שטורעם —
אין שטורעם אַריין!
דים־דאַם! — — —

און די העלדן, קנאַכיקע, שפּאַנען —
גאַסן גלייך, און גאַסן קרום,
מיט די לאָמען און ברעך־אייזנס,
מיט אויגן ליכטיקע ווי פאַקלען
און זינגען, זינגען:
העי, איר שוועסטערן,
האָפערדיקע ציט אַרוים אין טאָג אַריין,
שטאַם פון אומרואיקן בלוט.
די קעפּ צום הימל דערהויבן,
אין די אויגן מיט צער־ליכטיקייט
צו די הימלען געווענדט:
זינגט אייער צער אוים
צו די הימלען אַרויף;
ווי דער עכאָ פון גלאָקן־האַרץ
וויינט זיין צער אַרויף צו די הויכן!
יובלט אייערע לעבנס אַרויף
צום אויפגאַנג —
מיט פרייד און געזאַנג:
זינגט מיט אייערע אברים, וואולקאַנענדיקע

צו די אויפגייענדיקע וועלטן אקעגן,
די הענט פארפלאכטן איבער אקסלען,
ווי פעלדזנשטיין צונויפגעגאסן —
שפאנט צום זון־אויפגאנג:
עס יובלען וועלטן נייע!

עס ליכטיקט! עס ליכטיקט!

און איר שאטנס —
איבער וועגן פון אייביקער פארפאלנקייט;
שאטנס פון לאבירינטן אונטערערדישע:
איר — שטיקער צער —
פארבארגענע כוחות:
גליט ארויס פון אייערע פינצטערע היילן,
גליט ארויס, בליט ארויס,
ווי די לויטערע פלאנצן צום אייביקן ליכט:
ס'איז א צען מאל גרויסע זון אויפגעגאנגען,
א צען מאל גרויסע זון
שפרייט יום־טוב איבער ערד!

אויבן, איבער הימלען צעפורפורטע —
האט זיך אפגעדעקט א פייערדיק הארץ,
א גליענדיק האפענונגס־פייער —
צעגיסט א פרייד־ליכטיקייט —
איבער מארקן און סקווערן:
„טאג! ט־א־ג! עס טאגט!"

1926

## אין לאַנד פֿון וואונדער

אויף יעדן גרעזל הענגט אַ טראָפּן זילבער,
אויף יעדן בלעטל גליט דאָרט אַ בריליאַנט:
אָ, קום מיט מיר, איך וועל דיר אוצרות ווייזן,
דיך פירן וועל איך דורך אַ וואונדער-לאַנד:

אַ לאַנד, וואו בלומען קנאָספּן זיך אין פאַרבן —
בלוי און ווייס, רויט און געל: אַ רעגנבויגן קווילט,
די ערד איז גרין, פעלדער, ביימער, ס'בליען גאַרבן,
און פאַר דיין בליק אַנטפּלעקט זיך ניי די וועלט!

אַ וועלט וואו טייכלעך שנירלען זיך ווי קרישטאָל,
און שוואַנען, ווייסע, שווימען קלאָר אין רוים.
קום — אַנטפּלעקן וועל איך דיר גאָטס וואונדער:
דיך פירן אין אַ לאַנד פון וואַכעדיקן טרוים!

## מאַאיקע בלימלעך

מאַאיקע בלימלעך, ליכטיקע, שיינע,
גאָלדיקע קנאָספּן, אַרויס פון דער ערד,
טוי אויסגעבאָדענע, בלעטעלעך ריינע —
קוקן זיי, שטראַליק צום הימל, פאַרקלערט.

בלימעלעך, מאַאיקע, ערדישע קינדער,
בעכערלעך, צאַרטע, יום-טובדיק, ריין:
אויסגעצירט שיין איז די ערד איצט מיט וואונדער —
באַשטראַלט יעדעס בלימל מיט קינדישן חן!

## ס׳געזאַנג פֿון דער ערד

ווי שיין דער מאָרגן־הימל עפֿנט אויף זיין גאָלדן האַרץ
און גיסט אַראָפּ מיט ליכט אויף אַטלאַס־גרינער ערד!
ווי פֿריש נעמט אויף דאָס פֿעלד זיין מילדן שטראַלן־גלעט
און וועקט זיך אויסגערוט פֿון טויאיק זילבער־בעט.

איעדער בוים און זאַנג און אַלץ, וואָס לעבט —
וואַכט אויף: דער פֿויגל פֿון זיין נעסט דערהויבט זיך —
מיט געזאַנג צום נייעם טאָג, וואָס שפּאַנט מיט יונגע טריט
אַריבער בערג און איבער שפּראָצונגען מיט צוויט, —
און בלענדט אין רחבותדיקן גלי, צעשטראַלט,
זיך שפּיגלענדיק אין לויפֿנדיקן שטראָם, וואָס קוואַלט,
פֿאַרשפּרייטנדיק די כוואַליעס—גאָלדענע—אַריבער אַלץ צעהעלט!
און זאַפּטיקט אָן די בליענדיקע ערד, וואָס קוועלט —
מיט זאַנגען רייפֿע, הויך־אַרויסגעשפּראָצט און זאַט —
און גיסט מיט ליכט אויף קוקורוזע־שטענגלעך, יעדן בלאַט!

ווי שטיל עס איז אין פֿעלד, ווי ליכטיק שטיל.
דער שפּערלינג פֿליט, די לערכע זינגט,
די זון — זי הייבט זיך העכער אין אַ פֿייערדיקן ראָד,
די שמעטערלינגען פֿלאַטערן פֿון פֿרייד אַ קאַראַהאָד —
אַריבער בלומען־בעכערלעך, וואָס שטייען גרייט
מיט פֿולע האָניק־זעקעלעך — פֿאַר זיי צעשפּרייט!

און זילבער־וואָלקנדלעך, געהאָפּטענע פֿון טוי, פֿון זיידן־רויך, —
דערהויבן זיך פֿון ערד און ציען זיך צום הימל הויך,
ווי פֿייערן, שוועבנדיק אין אַטלאַס־טיול געהילט,
אַ ווינטעלע קומט אָן, צעזעגלט זיך און פֿעכלט, קילט
און וויגט די פֿולע זאַנגען קוים, אַהין און הער,
וואָס שטייען אויפֿגעבייכלטע — מיט קערנער, שווער,

און פול און רייף שוין, פאַרן שניטער גרייט —
גרייט צו זעטיקן די וועלט, מיט שפע און מיט ברויט!
ווי וואונדערלעך עס איז די ערד אין פאַרבן אויסגעצירט!

ווי וואונדערלעך עס טראָגט אין זיך די ערד דעם סוד:
עס רייפט דעם בוים, פון גרינעם בלעטער־ציר, דער עפּל־רויט,
אויף דינע שטענגלעך וויקלט זיך אַרויף דער אַרבעס־שויט,
אויף בייטן ערד — ווי קירביסן — ליגט גאָלדיק דער אַרבוז,
באַדעקט מיט גרינעם סאַמעט איז דאָס פעלד פון גראָז,
די קאַרשן פייערן אַראָפּ פון גרינעם צווייגן־שטאַנג,
די קאָרן־זאַנגען הויבן זיך מיט פולע קעפּלעך, הויך און שלאַנק,
אויף גרינע שטענגלעך וויגן זיך די געלע קעפּלעך מאָן,
אַרומגעצירט מיט רויטע בעכערלעך און מיט אַ בלעטער־פאָן.
אַלץ בליט און וואַקסט פון איר, ערדס רחבותדיקן שוים:
עס זינגט פאַר דיר מיט שפע פון איר האַרץ אַרוים!

עס זינגט פאַר דיר מיט שפע פון איר האַרץ אַרוים, —
פאַרשעם ניט, קינד, דער מאַמעס טיש, נאָר קום — געניס!
די צייט איז קורץ, דיין האַרץ — עס גלוסט נאָך אַלץ, וואָס זי
האָט גרייט,
נו, קום אַרויס אין פעלד און שעפּ מיט פולע הענט און טרינק די
פרייד!

## נאָר אַ טרוים קאָן אַזוי שיין זיין

איז עס וואָר? צו אפשר טרוים איך:
די וועלט איז יונג און ניי געוואָרן,
די הימלען — בלוי, עס גרינט דער קאָרן,
ווי פריש און גרין עס בליט דער בוים דאָ,
ווי לויטער ריין עס לייכט די זון דאָ,
געזאַנג אין לופט, געזאַנג אין צווייגן,
עס שטראַלט די ערד פאַר מיינע אויגן!

דער מילדער בלאָז פון ווינט איז ליב מיר.
אַ פרייד גייט אויף אין מיר און וועקט מיך,
עס זינגט מיין האַרץ און גאָרנישט שרעקט מיך!
אַלץ איז ניי דאָ, אַלץ איז ליכטיק,
יעדעס בלעטל גרינט דורכזיכטיק!
און אָפן קלאָרן אַלע וועגן:
אַ נייע וועלט שפּאַן איך אַקעגן!
נאָר אַ טרוים קאָן אַזוי שיין זיין,
נאָר דער טויט קאָן אַזוי ריין זיין!

## בלי־צייט

עס הילט זיך איין דער בוים אין גאָלד, פון פרישן טאָגן,
די פּורפּור וואָלקנדלעך אין רוים קרויזלען זיך אין יאָגן,
עס טובלט זיך די פייערדיקע זון אין הימלישע קרישטאָלן
און שפּיגלט זיך אין טייך וואָס שניידט דורך גרינע טאָלן.
די דימענטלעך פון טוי ליכטיקן אַראָפּ פון גרינע פּעכער
און פילן אָן דיין האַרץ, ווי ווין דעם בעכער.

ס'איז שיינקייט דאָ אין אַלץ: אין טייך, אין פעלד, אין יעדן בלימל,
עס שטראַלט אַרויס אַ גאָלדן האַרץ פון קלאָרן הימל:
אַ פריש געזאַנג גייט אויף פון פאַרבנרייכע בליטן —
ס'איז יעדער בלאַט געצייכנט פון אַ צויבער־האַנט און פיין געשניטן,
אַלץ בליט, זינגט שטיל צום ליכט אין שטראַליק גאָלד געטונקען,
און דיין האַרץ ווערט פול מיט אַ געזאַנג, מיט פרייד ווי אָנגעטרונקען!

# דער בוים מיט די פּרוכטבאַרע צווייגן

אברהם רייזענען

דער רייזיקער בוים מיט די פרוכטבאַרע צווייגן —
ער שטייט קאַלט אין ווינטער אין פראָסטיקן שווייגן
קומט פרילינג צעגרינט ער זיך ווידער אין בליטן,
כאָטש ער האָט פון ווינט און פון פראָסט אויך געליטן:
(צי וועט דען דער שטורעם און שניי אַ בוים שוינען?)
איצט שטייט ער צעוואַקסן מיט בלעטער ווי קרוינען! —
דער בוים מיט די פרוכטבאַרע צווייגן.

די באַרנעס זיי הענגען אַראָפּ פון די צווייגן
ווי גאָלד־קאַרפינקעס געשליפן און ליכטיק,
מיט זאַפטיקן ווייך פול, מיט זון אָנגעגאָסן,
און גליען אַרויס פון די גרין־אַטלאַס־בלעטער:
עס האָט שוין די וועלט פון דעם בוים פיל גענאָסן!
מען וועט פון די פירות געניסן נאָך, שפּעטער —
פון בוים מיט די פרוכטבאַרע צווייגן.

דו הויבסט אויף, באַגייסטערט, צום בוים דיינע אויגן —
דו זעסט ווי אַ ריז שטייט מיט באַרנעס באַהאַנגען,
מיט פרייד ווערט דיין האַרץ פול, מיט ליכט און געזאַנגען:
די פירות זיי הענגען אַראָפּ צו דערלאַנגען,
דו ציסט דיינע הענט אויס צו זיי מיט פאַרטרויען —
באַרירסט צאַרט די פירות מיט זילבערנע טויען —
פון בוים מיט די פרוכטבאַרע צווייגן.

און קומסטו אָפּרוען זיך אונטער זיין שאָטן,
ווען ס׳פלייצן די שטראַלן פון הימל און בראָטן
דאָס גראָז אויפן פעלד, די זאַנגען, די ביימער:
דאַן שפּאַר אָן דיין קאָפּ, אָן דעם צווייגיקן טרוימער
און הער מיט נשמה, אויב ס׳וועט דיר געלינגען —
דערהערסטו די פירות פון בוים אַראָפּזינגען —
פון בוים מיט די פרוכבאַרע צווייגן.

דו שליסט דיינע אויגן, עס ציטערן טענער:
געזאַנגען ווי פּסאַלמען באַהעפטן דיין שווייגן,
דו טרוימסט און דו הערסט ווי עס זינגען די צווייגן!
און טענצער דערזעסטו מיט בלוי־ווייסע שאַרפן,
וואָס טאַנצן פאַר דיר יונג מיט זילבערנע האַרפן,
מיט גאָלדענע פּירות די גאַרטלען באַהאַנגען —
פון בוים מיט די פּרוכטבאַרע צווייגן.

דו וואַכסט פון דעם טרוים אויף מיט נייע באַגערן:
דיין האַרץ איז געלייטערט, די אויגן אַזש טרערן.
די גרין־אַטלאַס־בלעטער באַוועגט צאַרט אַ ווינטל,
אַ ליכטיקער שטראַל גלעט די באַרנעם — אַ בינטל,
דו בענטשט זיי, די צווייגן, די פּירות באַזונדער
און דאַנקסט דעם באַשעפער וואָס שענקט אונדז דעם וואונדער —
דעם בוים מיט די פּרוכטבאַרע צווייגן.

# אין וואַלד

איך שפּאַן אין וואַלד, דער קלאָרער זאַמד אין וועג — מיר ליב
דער בינען־זשום וואָס רוישט פאַרביי איז ווי מוזיק:
כ׳נעם אויף דעם צאַרטן גלעט פון הייסן ווינט —
דאָס פלאַטערן פון געלן בלאַט וואָס פאַלט —
דעם פויגלס טריל וואָס טריפט אַראָפּ, באַזונט:
אַלץ פילט אַן דאָס האַרץ מיט פרישן גליק.
און ליב איז מיר דער אומבאַקאַנטער וועג וואָס גליט,
יעדעס ביימעלע וואָס שימערט גרין, מיט חן;

נאָר הייליקער פון אַלץ — די ערד וואָס שפּראָצט מיט שפע פריי,
יעדעס שוועמל, גרעזל דאָ, וואָס גרינט פאַר מיינע טריט:
די בלויע שטערן־בלימלעך — פול מיט זאַפט און טוי —
קינדער פון דער ערד, מיט הערצלעך אָפענע, צעבליט —
אַלץ וועקט דאָ אויף מיין יוגנט־טרוים אויפסניי:
איך שפּאַן אין חלום־לאַנד, — מיין טרוים איז ניי.

ס׳איז אַלץ דאָ אַזוי נײַ און גרין און שטיל.
דער ווילדער וואַלד־פויגל וועקט אויף מיך מיט זיין פייף.
אַ מעשהלע פון וואַלד, זיג־זיגעט אוים פאַר מיר די גריל:
טויכן אויף בילדער פון מיין יוגנט מיט יעדן בלעטער־שאָרך
איך שפּאַן אין וואַלד און ליב איז מיר דער אומבאַקאַנטער וועג,
און הייליק יעדער טריט — געבענטשט מיט נייע טעג.

## דער וואַלד

געשטאַנען איז יונג-וואַלד
צעווינטערט, אין שניי —
געפאָרן אַ וואָגן
מיט העק אים פאַרביי;
צעוויינט זיך דער יונג-וואַלד:
— אוי וויי אונדז, אוי וויי:
באַלד וועלן מיר פאַלן
דאָ, אונטערן שניי!

צווישן די ביימלעך —
געשטאַנען אַ דעמב,
אַ דעמב, נאָר אַן אַלטער,
צעוואַקסן און שטאַרק;
די ריזיקע צווייגן
מיט זילבער — באַשנייט:
ער האָט זיינע פליגל
אויף זיי אויסגעשפּרייט: —

„זאָרגט זיך נישט קינדער,
נישט יאָמערט פון שרעק:
קוים איז נישט איינער
פון אייך ביי די העק —
וועט קיינער נישט פאַלן
פון האַק, צי פון זעג:
האָבן מיר יאָרן נאָך —
גליקלעכע טעג!"

די ביימלעך — געטרייסטע —
צעפינקלען זיך באַלד,
און איבער די שפּיצן
די זון העל צעשטראַלט!

## שפּעט האַרבסט

אין וואַלד, די קליינע, ווייסע זילבער־פּוכלעך,
אויפגעבלאָזענע, פון אַ לאַנגן זומער־רייפן —
שטייען ווי פאַרקלערטע, אויפגעקניפּט פון אַלע שלייפן,
וואָס מוטער־ערד — האָט צו איר לייב זיי צוגעבונדן:
גרייט צו לאָזן זיך אין וועג, מיט אַלע צפון־ווינטן,
נאָך אַ שיינעם חלום, וואָס האַלט שוין אין פאַרשווינדן.

דיביימער שטייען מיד, אין געלן בלעטער־ציר און מיניען;
גאָלד און גרין הענגען טריב די אַטלאַס־בלעטער.
עס טובלט זיך דאָס גראָז אין בלאַסן שטראַלן־וועטער:
אָקטאָבער שרייבט זיין ליד שוין אויף די געלע בלעטער.
די ווינטער־עפּל רויטלען אויפן בוים, מיט זאַפטן אָנגעגאָסן, —
הענגען פול מיט וויין, פון דער מאַטער זון באַגאָסן.

פון בוים צו בוים וועבט די שפּין די האַרבסט־געוועבן.
עס פלאַטערט קוים אַ ווייסער שמעטערלינג אין שוועבן
און פאָכעט מיט די מידע, בענקענדיקע פליגל —
זיך שפּיגלענדיק אין טייך, ווי אין אַ מאַטן שפּיגל.
די פעלדער דרימלען איין — אין שפּייכלערס רוט די שפע.
די בייטן — טריבן, נאַקעטע, מיט געלע וואָרצלען, שטייפע.
עס גלאַנצט דאָס קרויט צוגעדעקט מיט אַ פייכטן צויבער.
און ס׳זינגט דער ווינט זיין אומעט־ליד פון אָקטאָבער.

דאָס דאָרף ליגט איינגעוויגט אין האַרבסט־ניגונים:
פלאַנצן דרימלען איין פון אַלע מינים.
ריחות שפּרייטן אין דער לופט זיך אויסגעוועפטע, ווייכע.
די גרילן צווישן ביימער, טריבע — זאָגן איכה.
אויך מיין האַרץ געזעגנט זיך שוין מיטן לעצטן בלימל
און שיקט אַ שטילן דאַנק — אַן אומעטיקן הימן צום הימל.

## האַרבסט־נאַכט

די בענק אין פּאַרק זײ דרימלען איין פאַרשלאָפן,
די געלע ביימער ציען זיך צום הימל אויס,
אַ מידע ליגט די ערד, און ס׳וועלקן גראָזן,
דער ווינט טראָגט אומעט אין זיין קאַלטן שויס.

ווי יאָרצייטלאָמפּן צאַנקען די לאַמטערן,
דער הימל פול מיט וואָלקנס, קאַלט און גרוי,
דער זילבער־האָרן ווייזט זיך קוים, נישטאָ קיין שטערן,
די נאַכט איז פייכט עס פאַלט אַ נאַסער טוי.

דעם לעבנספרייילעכקייט איז ערגעץ וואו פאַרשוואונדן:
מען הערט נישט מער דעם יוגנטס קול וואָס זינגט און שטיפט;
מען הערט נאָר איצט דעם רויש פון קאַלטע ווינטן,
דו זעסט דעם בלעטער־פאַל נאָר אין דעם טוי וואָס טריפט.

## ס׳איז האַרבסטיק מיין קינד

עס הענגען די גאָלדענע בלעטער אַראָפּ פון די צווייגן
און ציטערן שטיל,
צווישן די גראָזן און בלעטלעך, פון טוי פייכט, באַזילבערט
זיג־זיגעט אַ גריל.
די זון גיט אַ וואַרעם און שמייכלט אַפיר פון אַ וואָלקן —
וואַרפט בלענדיק אַ שטראַל,
אַ ווינטל צעטרייסלט די ביימער, די צווייגן צערויישן,
אַ בלאַט גיט אַ פאַל.

פלאַטערט ערגעץ וואו אַ שמעטערלינג, ביי די רויזן, פאַרוועלקטע,
באַלד שלאָפט ער אויך איין,
אויף פעלדער און גערטנער פאַרשפּרייט זיך אַ גאָלד־גרינער אומעט
מיט האַרבסטיקן חן.
בלעטער פאַרגעלטע נאָר פליען אַרום אין די גערטנער —
געטראָגן פון ווינט,
די הימלען זיך ציען פאַרוואָלקנטע, גרויע
ס׳איז אומעטיק, קינד.

## אָקטאָבער־רויזן

די לעצטע רויזן הענגען אויף די גרינע שטענגלעך,
ס'שפּיגלט זיך די זון אויף זיי — אין לעצטן פאַרבן־גלי;
אָקטאָבער־ווינט וויגט איין די ערד און וויגט די רויזן באַנגלעך,
און צופּט די געלע בלעטלעך אָפּ פון זיי, טראָגט זיי מיט אין פלי.

די האַלב־פאַרוועלקטע רויזן, אָטעמען שוואַך, מיט טוכלע אַראָמאַטן
און וויגן זיך אין שוים פון ווינט, געקושט פון געלן שיין;
דער הימל וואָלקנט זיך, די זון וואַרפט איבער ערד אַ גלאַנץ, אַ מאַטן
און גלעט די אומעטיקע בלעטלעך צאַרט: שלאָפט איין, שלאָפט־איין!

אָקטאָבער־רויזן: לעבנס, אויסגעוועפּטע, האַלב־פאַרלאָשן —
די פרייד פון בליאונג, פול מיט ליכט, געזאַנג, איז ווייט אַוועק;
די קאַלטע נעכט זיך ציען איבער אייך, נאַסע ווינטן בלאָזן,
עס נענטערט זיך דער האַרבסט, אָנגעכמאַרעט, טריב, מיט רעגנטעג.

## טויטע בלעטער

מיין טעגלעך פריער גאַנג איז דורך די שטילע גאַסן,
און דורך בלעטער — געל, פון האַרבסט־ווינט אָפּגעריסן;
די ביימער מיט די כמורנע צווייגן — טריב אַראָפּגעלאָזן —
פון רעגן און פון בייזן ווינט דורך נעכט געביסן.

די רויזן־בושעס ביי די הייזלעך האַלטן שוין אין וועלקן —
די בלומען, אומעטיק, פאַרקוואַרט, וואָס האַלטן ביים צעפאַלן;
און וואו־נישט־וואו — בלענדן ביי אַ פענצטער געלע נעלקן,
באַלויכטן פון דער בלאַסער מאָרגן־זון, מיט שטראַלן.

איצט שפּאַן איך טריב דורך זיי און גרויע וואָלקנס ציען,
די הייזלעך און די ביימער שטייען איינגעהילט אין קאַלטן וועטער;
דאָ האָט דאָך ערשט די ערד געלויכטן פאַרבן־רייך, אין בליען
און איצטער שפּאַן איך איבער שטיקלעך האַרבסט און טויטע בלעטער.

## שרייט דער ווינט ביינאַכט

אויף אַ בוים אַ נאַקעטן, אַ הוילן
שרייט דער ווינט און שרעקט מיט זיינע גרוילן,
ער בייגט און ברעכט די דאַרע נאַסע צווייגן:
„ס'איז נאַכט און האַרבסט —
איך קען נישט רואיק שווייגן!"

דער רעגן בייטשט און גרויסע טראָפּנס פאַלן —
אַ מבול האָט צעעפנט זיך מיט וואַסער־קוואַלן
און גיסט און פלייצט, דער בוים איז אָפּגעצוואָגן,
און בלינדע ווינטן ברומען,
שוואַרצע כמאַרעס יאָגן.

און ס'רוישט דער ווינט און ברעכט די ריטלעך־צווייגן:
קרעכצט דער ריזן־בוים און האַלט זיך אין איין בויגן
זיין גורל ביטערן, פון אומקום אויסצומיידן:
בויגט ער זיך און קרעכצט
מיט זיג פון זיסע ליידן.

און ס'שפּרינגט דער ווינט פון צווייג־צו־צווייג מיט ווילדן ברומען:
„קען איך דעם ריז נישט ברעכן, וועט ער נישט אומקומען!"
ער פּרוּווט מיט כעס אַ ברעך טאָן זיינע העכסטע צווייגן
און שרייט: „ס'איז נאַכט און האַרבסט —
איך קאָן נישט רואיק שווייגן!"

# געבערג־עכאָס

א

איך וואָגל צווישן געבערג,
באַלאָדנט מיט צער;
איך הער אַן עכאָ־געזאַנג
פון די בערג אַרויס:

„די וועלט איז וואונדערדיק!
נאָר אומעטיק דאָס לעבן,
און קורץ דער וועג!"

ב

הויכן נישט דערגרייכטע — איבער מיר,
טיפן נישט דערגרונטעוועט — אונטער מיר;
פעלדזן אוראַלטע מיט וועלט־סודות —
איבער מיר און אַרום מיר.

רואיקייט — ווי קרישטאָלענע טראָפּנס טוי —
ציטערט אין מיין הארץ אריין;
קופּער־ליכטיקייט טריפט איבער מיינע אברים:
אַ שטילע פרימאָרגן־רואיקייט איבער די בערג;

אַ לויטערע שטילקייט זויקט פון די ווייטן.
אַ זילבערנע קלאָרקייט קוואַלט פון די הימלען!
אַ ליכטיקע גרינקייט אָטעמט מיט שלוה
און זינגט פון די געבערג־שפּיצן.

ג

מיט דער שלוה פון גרינע בערג —
טרינק איך אָן מיינע דאָרשטיקע אָדערן;
מיין שטומען צער שפּרייט איך איבער זיי,
מיינע בליקן ווענד איך צו די הויכן:

— ווי מאַיעסטעטיש גליען אייערע שפּיצן! —
גאָלדענע מנורות בלענדן אונטער די זון־פייערן!
איך דערהויב מיינע בליקן צו די לויכטנדע ריזן —
איך באַוואונדער זייער אייביקייט!

## צייט און וואונדער

אזוי טאָג נאָך טאָג,
אזוי נאַכט נאָך נאַכט —
האַלט זיך אין איין באַוועגן
די ערד.
אזוי דור נאָך דור,
אזוי יאָר נאָך יאָר —
וועבט זיך דאָס פאַרמעגן
פון גייסט
און פון מענטש.

## דער באַרג

דער שטיין ליגט און שלאָפט
זיין אוראַלטן שלאָף.
און פון זיין גוף
רייסט אָפּ שטיקער לייב —
די מאַשין —
נאָר דער שטיין ליגט און שלאָפט
זיין אוראַלטן שלאָף.
און איבער זיין גוף
פאַשען זיך ווייסע שאָף
ווי אין פריסטן וועלט־באַשאַף.

אזוי ליגט דער הערקולעס און שלאָפט,
באַגאָסן פון קלאָרן ליכט
וואָס רינט איבער זיין געביין;
ער שלאָפט און זאַפּט איין
אין זיך, דאָס ליכט־געזאַנג
פון דורות און פון אייביקייטן.

## פּאָעט

מיין הארץ נעמט אויף דיין וואָרט,
ווי ערד נעמט אויף די זון;
איך לייען און כ׳פיל געזאַנג
וואָס קוואַלט פון דיין געמיט:
עס שטראַלט דיין יושר קלאָר
אַרוים פון יעדן ליד.

דו זינגסט, איך הער מיך צו
צו אַלץ נאָר וואָס דו זאָגסט:
דיין וואָרט איז ליכט און וועקט,
איך טרוי אים און איך גלויב;
ווי ריין עס שטראַלט דיין גייסט —
איך בענטש אים שטיל און לויב.

## דער דיכטער

(פּאָרטרעט)

זיין פּנים טראָגט די ענלעכקייט פון היינעז,
אויפן שטערן — די צער־יאָרן־איינגעקריצטע;
די אויגן, ברוינע, פול מיט אומעט, פול חלומות,
די נאָז, ווי פון אַ סקולפּטאָר־האַנט געשניצטע.

די ליפּן — שמאָלע, גלאַטע, סאַמעט־רויטע,
באַשאַפענע פון גאָט — פון גוטסקייט צו געניסן,
אַ שלאַנקער גוף וואָס טראָגט אין זיך אַ גליאיק הארץ,
אומרואיק ווי דער ים — מיט אַ ים געוויסן.

דאָ האָט איר אים, ווי גאָט האָט אים באַשאַפן —
מיט אַלע אויסגעמאָלטע ליניעס, אין זיין פּאָרעם;
נאָר דו אַליין, אָ, הימלישער באַשעפער —
דו ווייסט זיין צער, וואָס נאָגט דאָס הארץ אים פול יסורים!

# דאָס בלויע פּליטל

מאַני לייבן

ציגײַנעריש איז זײַן געשטאַלט.
די נאָז איז גריכיש דין,
די האָר — ברוין־זייד, דער שטערן — ברייט,
די אויגן — גלאַנציק גרין.

אַ שלאַנקע ווערב איז זײַן געשטאַלט —
גראַציעז זײַן גוף און הויך;
פון זײַנע גלידער זינגט דער צער
מיט טענער צאַרט און ווייך.

איצט זע איך שפּאַנען אים געקרוינט
אויף לאַנקעס האַרבסטיק, שפּעט;
מיט בלויען פּליטל אין זײַן מויל
שפּאַנט טרויעריק דער פּאָעט:

קרישטאָל־טענער גייען אויף,
די נאַכט הערט אוים אים שטיל,
דער זילבער האָרן — שווימט און האָרכט,
פאַרשטומט בלייבט אַזש די גריל...

עס הערט מײַן האַרץ דיך — מוזע־קינד:
דײַן זינגען — דײַן געוויין,
וואָס שוועבט מיט אומעט דורך דער נאַכט
צום הימלס זילבער־שײַן.

## דער שווייגער

יצחק בערלינערן

ער זיצט און שווייגט — ער רעדט נישט פיל,
ער הערט אויס יענעמס רייד מיט בלייבן שטיל;
נאָר קוואַלט אַרויס פון יענעמס טיפּענישן קלוגע רייד —
באַלד ווערן זיינע אויגן גרעסער, ליכטיקער,
און אויף זיין בלאַסן פּנים שטראַלט אַ פרייד.

ער שווייגט און האָרכט — ער זאַפּט די ווערטער איין,
ווי ער וואָלט געטרונקען פון אַ בעכער ווייַן;
נאָר הערט ער פון אַ חבר שלעכטע רייד, וואָס מאַכן בייז —
ווערט זיין פרייד פאַרשטאַרט, שווייגט ער קאַלט און טריב,
די אויגן זיינע שימערן מיט רחמנות-שיין.

ער שווייגט: זיין שווייגן איז די רייפע שטילקייט פון אַ פעלד,
ווען זאַנגען גייען אויף מיט שפע פאַר דער וועלט;
נאָר רעדט ער ווען — קוואַלט פון אים אַ ליבשאַפט, ריין און קלאָר —
ווי קלאַרע ליכט אין חודש מאַי, פון הימלישן לאַזור!

## עס דערלייזט דיין געזאַנג

חיים לייב פוקסן

עס דערלייזט דיין געזאַנג אונדז פון טרויער,
ברענגט פרייד, צו דער שוועל, וואו מען וווינט;
ווי דער הימל עפנט אויף פרילינגס-טויער
מיט זיין ליכט איבער אונדז העל צעשיינט.

ברענגסט אַ טרייסט, מיט דיין וואָרט, צו די שוועלן
וואו דער צער קלעמט דעם מענטש קאַלט און היט;
פון דיין וואָרט הייבט דאָס האַרץ אָן צו קוועלן,
פול מיט ליכט און געזאַנג ווערט ס׳געמיט.

ווי די זון שטראַלט אויף העל נאָך אַ רעגן,
וואַרעמט אויף יעדן פלאַנץ גרין, צעבליט:
ס׳העלפט אַזוי דיין געזאַנג פריידיק רעגן —
יענעמס זעל וואָס פון צער איז שוין מיד.

## פראָלעטאַריער און פּאָעט

לוי גאָלדבערגן

דיין טאַטע איז געווען אַ פּעדער-שניצער, דיין מאַמע ראָכע
האָט מיטגעשלעפּט דעם יאָך פאַר מיילער זיבן;
און דו, קאַמערויקער — טאַטנס יורש, יידישער פּאָעט —
דו מוזט די ווענט באַצירן הי פון רייכע, זאַטע שטיבן.

דו — דיכטער לוי, דו קדיש נאָך דער מאַמע ראָכע:
ווי אָפט האָסטו ביי דער פּראַצע, שטיל באַוויינט איר דאָליע? —
האָסט אויסגעמאָלט איר לעבן, פון אַמאָל, אין לידער-שורות,
צוזאַמען מיטן טאַטן דיינעם, אים — רעב עליע.

איצט זע איך קלאָר דיין מאַמען, מיט די קאָשיקעס באַהאַנגען —
אין יארידים-טעג, צווישן פערד און וועגן — וואַנדלען;
אַ מידע טראָגט זי נעבעך אום די פּלעשלעך מיט געטראַנקען —
די פּויערים פון דאָרף פאַר קליינגעלט צו פאַרהאַנדלען.

איך זע דיין טאַטנס פּנים, טריבן אויך, פון דיינע פּערזן —
אונטער לעמפּל-שיין רייניקט ער די גענדזן-פּען, פון צויטן;
איך זע די אָרעמקייט פון שטוב איינגעהילט אין זילבער-פּוכן,
וואו ס'צער'ט אַ הויזגעזינט אַרוים פון שווערע ווינטער-נויטן.

דו, קאַמערויקער קינד — דיכטער יידישער, פון אָרעמקייט:
— אין וויפל טעג פון נויט האָט דיין יוגנט דאָרט געפיבערט? —
דאָך, מיט ליבשאַפט האָט דיין פּען טאַטע-מאַמע שיין דערהויבן —
דעם צער און פרייד פון זיי אין שורות לויטערע גערזילבערט.

## שיין זיינען דיינע „ריישער" יידן

בעריש ווײַנשטיינען

פון דיינע אויגן לייכטן ארוים
די אטלאסדיקע „ריישער" יידן ;
מיט שטילע, זיידענע טריט,
לייכטן זיי אויף פאר דיר
און וועקן דיין דיכטעריש געמיט :
זיי צו דערמאָנען אין דיין ליד.

לויטערע טויכן אויף די געשטאלטן,
מיט די שטריימלעך אויף די קעפ,
מיט די גארטלען ארום די לענדן ;
ווי רחבותדיק זיי בלענדן —
אויף די בתי־מדרשים־טרעפ :
שכינהדיקע פנימער זיך צינדן !

שיין זיינען דיינע „ריישער" יידן,
רעמבראנדטיש און קלאר,
מיט טריט וואס בארירן קוים די ערד ;
לבנהדיק לייכטן זייערע בערד :
חלומדיק — דיינע געשטאלטן און וואר,
און אמתדיק ווי די ערד !

## מיט דיין צויבער־שטעקן

דיכטער, לויטערער און געזאַלבטער,
זינגער יידישער פאַר עקסעלאַנץ:
אויף דעם קאָפּ, באַזילבערטן שוין דיינעם
זע איך טראָגן דיך דעם מלך־דוד־קראַנץ.

עכט ביסטו, שמחת־תורהדיק,
כשרה דיינע לויים־טענער;
שמחת־תורהדיק זיינען דיינע רייד,
מיט רויטע עפּל צירסטו דיינע פענער!

נעמסטו צויבערן פרום אַ ניגון —
טרעטסטו ווייך אין סאַמעט־סאַנדלען;
אויף דיין צויבער־שטעקן אין דיין האַנט —
זיך כישופן ראָזשינקעס און מאַנדלען!

קומען אין דיין סאַד יידעלעך, באַשטריימלטע,
קלייבן פּירות אין דיין וואונדער־גאָרטן;
בליט, שטראַלנדיק דיין פּרדס אויף, פאַר זיי:
גליקלעך זיינען דיינע יידן דאָרטן! —

טאַנצן זיי אַרום אין שבת־קאַפּאָטעס,
עסן מאַנדלען פון דיין צויבער־שטעקן,
מאַכן ברכות איבער דיינע פּירות,
שעפּן כוסות פון דיין פּסח־בעקן!

דיכטער לויטערער און געזאַלבטער,
זינגער יידישער פאַר עקסעלאַנץ:
אויף דעם קאָפּ באַזילבערטן שוין דיינעם
זע איך טראָגן דיך דעם מלך־דוד־קראַנץ!

## מיין לויכטנדיקער וועג

זיי האָבן ענג געמאַכט מיין לויכטנדיקן וועג,
און פון מיין ריינעם גלויבן נאַריש אָפּגעשפּעט;
געשמייכלט מיט חניפה מיר אין פּנים, זיס —
נאָר, מיין הארץ אין מיר, מיט קראַפּעווע געגלעט...

מיט ווילד־גראָז האָבן זיי פאַרפלאַנצט מיין וועג,
צו שטרויכלען מיינע פעסטע טריט אַ וואו איך שפּאַן;
געגאַנגען בין איך מיט מיין גלויבן ריין און טיף —
געטראָגן הויך אין מיינע הענט אַפאָלאָס פאָן!

און ווי אַ שיף אין מיטן ים אַנטקעגן שטורעם —
שטרעקט אויס דעם שטאָלצן מאַסט צום קאַמף פון ווינט־געיעג,
זעגלענדיק מיט טריומף צו אַ געצילטן ברעג:
און ברעכט דעם כוואַליענדיקן שטורם מיט אַ געזאַנג —

אזוי האָט מיך דער גלויבן אין מיין הארץ באַגלייט —
באַלויכטן מיין וועג מיט זיג, און פון שלעכטס באַפרייט.

## ל ו י ב ן

הערשעלען

מיט לויבן, ערלעכע, האָסטו געוואָלט מיין הארץ באַלוינען:
מיט אַ דיכטער־קרוין — מיין מידן קאָפּ באַקרוינען.
געהערט אַ הימן האָב איך פון דיינע ליפּן טריפן:
„געבענטשט זאָל זיין דאָס ליכט, וואָס שטראַלט פון דיינע טיפן!"
איז ערלעך מיר דיין לויב געווען און ריינער נאָך דיין גלויבן:
דיין כישוף־שפּרוך האָט מיך צו לויטערקייט דערהויבן.
איז ליב מיר איצט, די דיכטער־קרוין צו טראָגן,
ווי ס'טראָגט די פרילינג־ערד דאָס פרישע ליכט פון טאָגן.

# איך און דו

חיים קרולן

דער טרויער איבער דיין פּנים
הענגט ווי דער נעפּל אויף אַ בוים
און איבער דיין לייד־געקאַרבטן שטערן —
דער שטילער צער־טרוים —
זילבערט זיך ווי דער טוי
איבער אַ האַרבסטיקער בייט.

מיד איז דיין קאָפּ און גרוי,
ווי דער בליאַסק פון מאָרגנשטערן
איבער אַ דרימלענדיקער קווייט.
און דיינע אויגן — מיט יאוש־שיין —
טובלען זיך אין טרערן
פון געלייטערטן צער און פּיין...

***

די וועלט איז אַ מדבר
און דו — אַ וואָגלער אויף איר:
וואָגל איך מיט דיר —
געפּייניקטער דיכטער־קעניג.
און זע: ווי אונטערטעניק
עס ליגט דער מדבר
פאַר דיין אומעטיקן גאַנג.
און הער פון מדבר־הימל
דאָס שטילע געזאַנג —
די קול־דממה רייד: —

גאָטס רחמים־האַנט וועט אָפּווישן
דעם טרויער פון דיין געמיט,
אַז אויפשטראַלן זאָל דיין ליד
און אָפּשטויבן דעם צער
פון דיין נזיר־פּנים, —
זיין אָטעם וועט אויסקושן
פון דיינע אויגן די טרערן —

פון קיינעם נישט געזעענע...
און הערן ווערסטו הערן
זיין גנאַר נידערן צו דיינע וואָגל-טריט.
און דערזען ווערסטו — אין דיין טרוים
איבער אַלע הימלען —
אויפשטראַלן אַ דימענט-קרוין:
פאַר דיין מאַרטירער-לעבן —
דעם געהייליקטן לוין!

די וועלט איז אַ מדבר
און דו — אַ וואָגלער אויף איר:
וואָגל איך מיט דיר.
און זע: דער זילבער-האָרן
וויַיזט שוין זיין צייכן:
באַלד וועלן מיר דאָס מיראַזשן לאַנד דערגרייכן.

## ווי אַ שטראַל פאַרנאַכט

ווי אַ זון-שטראַל פאַרנאַכט, פאַרלעשט זיך אויף אַ שויב —
האָב איך דיך געזען, אין דער לעצטער שעה — פּאָעט;
געשטאַנען בין איך, מיט צער, ביי דיין גסיסה-בעט,
געהערט דיין שוואַנען-ליד: פון האַרץ דעם פּאַל און הויב...

דיין קאַלטע האַנט האָב איך געהאַלטן פול מיט צער,
געפילט: דאָס האַלט איך נאָר אַ צווייגל, יונג-פאַרדאַרט;
די אויגן דיינע, אָפענע, פאַרנעפּלטע — האָבן ווייט געשטאַרט:
געוואַנדערט האָסטו פון מיר ווייט, העט — צו דיין פרעמדן לאַנד...

איך האָב דיין נאָמען הויך גערופן — געגאַרט דיין וואָרט,
נאָר דיינע וועלקע ליפּן האָבן שטום און טויט געשוויגן:
דאָס האָט דיין גייסט מיט דיר צום הימלס טראָן געשטיגן —
גאָטס ליכט געזעגלט האָט מיט דיר, צו זיין מלכות-אָרט!

מאַרטש, 1946

## שענק מיר פרייד

גאָט — שענק מיר פרייד:
ציר אויס מיין האַרץ, ווי דיין ערד —
מיט אַ זוניק קלייד;
גיב מיר כוח, שענק מיר מוט —
זאָלן מיינע לידער גליען
ווי וויין און ווי בלוט.

לאָז מיין האַרץ נישט טעמפּ ווערן
מיט גלייכגילטיקייט — און אַלט:
זאָל מיין יעדער וואָרט זיין
פון דיין גנאָד באַשטראַלט,
ווי דער בייט פון דיין אָטעם געקושט —
מיט טוי און שפּע דערפרישט.

זאָל מיין יעדער אות און קלאַנג
פול זיין, זאַפטיק און גאַנץ,
ווי דער יאַדערדיקער זאַנג,
ווי דער רייפער עפּל, דער פלוים —
אין אלול-צייט אויפן בוים.

# יידן פון אַמאָל

## אַלטע לידער

אַלטע לידער — אַלטע ווײַנען
ווערן קײנמאָל אויסגעוועפּט,
ווי די קוואַלן פון די טיפן
ווערן נישט פון מענטש דערשעפּט.

אַלטע לידער, פול מיט טרערן —
אײביק וועט איר בלײַבן נײַ:
ווי די ערשטע שטראַלן־בלימלעך
אין דעם יונגן פרילינג־מאַי!



פאַר די וואָס זיינען שוין אין שאָטן־זייט,
פון דער ערד,
און פאַר אייך —
די וואָס זיינען נאָך מיט אונדז
אונטער דער זון —
האָב איך מיינע שורות געזונגען.

## מיין אַלטע היים

פריש איז דאָס זאַמד פון נאַכט־רעגן
און שטילע די וועגן;
בלוי — דער הימל און נאָנט,
און בלוי די קאָרן־בלימלעך
צווישן די זוניקע בייטן.
און די כאַטעס אויסגעשייערטע
ביי די זייטן;

דיביימער — גרין און אויסגעצוואָגן —
מיט די ווייסע בליטן איבער די פּלויטן;
און די ווייסע דאָרף־וועגן —
אויסגעוואַשענע, האָפּערדיקע —
צו די הימלען אַקעגן;

און דער אַקער־מאַן —
איבערן פולן היי־וואָגן
און דאָס פערדל אין שפּאַן:
אַלע, אַלע —
קומען מיר אַקעגן,
מיט קאָשיקעס, פרישע: גרינע, זומער־גרוסן —
פון מיין היים — אַמאָל —
מיין אַלטער היים!

# ייִדן

פּוילישע ייִדן, פון פּוילנס מדינה:
זיידעס און באָבעס, ווייבער און קינדער,
ייִדן געלייטערטע, גלויביקע, פרומע,
פול מיט בטחון, אין הימלישע וואונדער.

מאַמעס מיט טעכטער, מיט שוואַרץ־דימענט־אויגן,
געלייטערטע צאַרטקייט, געהיטן פון דורות,
ייִדישע שיינקייט מיט ביבלישע נעמען,
מיט פּנימער ליבע, די וויעס זיך שעמען.

עס לעבן נאָך פאַר מיר די ייִדן פון פּוילן,
אין איביצלעך שוואַרצע, פון וואַרשעווער ריפּסן,
אין העמדער קלאָר־ווייסע, אין זייד־שוואַרצע שניפּסן:
ייִדן פון מסחר, געשפּאַנטע אין יאָכן.
ייִדן וואָס שטראַלן מיט שמחה פון שבת
אין טעג פון דער וואָכן.

און ייִדן וואָס האָרעווען טעג אין פאַבריקלעך,
וואָס שעפּן פּרנסה פון וועבן און שפּינען.
און ייִדן וואָס מעקלערן מיט וואָל און מיט זייד.
און ייִדן וואָס שלעפּן דעם דלות אין זעקלעך —
מען מוז דאָך אויף שבת פאַרדינען!

און ייִדן פּראָסטע, וואָס דאַווענען השכּמה אין די שולן,
און זינגען שבת, ביי די טישן, אָרעמע, זמירות:
ייִדן וואָס פאַרמאָגן נאָר די הענט פאַר פּראַצע,
אויפן לייב דאָס העמד איז דאָס איינציקע עשירות.

און ייִדן פאַבריקאַנטן, גבירים,
וואָס זיינען פרייטיק מעביר סדרה אין די סאַליעס.
און גליט דער מערב רויט, זינגען זיי שיר־השירים,

העלפן קינדער מיט דעם טאַטן זינגען היימלעך.
פאַרנאַכט שפּאַנען זיי מיט יינגלעך, צו חסידים־שטיבלעך—
שבתדיקע פרינצן אויסגעצירט אין סויבל־שטריימלעך.

שטראַלנדיקע שבת־יידן שפּאַנען מיט די קינדער,
אָנגעטאָן אין שוואַרצע אַטלאַס־קאַפּאָטעס וואָס בלענדן,
מיט פראַנזן־גאַרטלען, זיידענע אַרום די לענדן —
שלייכן, ווי געשטאַלטן ליכטיקע פון ביבלישע לעגענדן.

***

יידן באַבערדטע,
מיט פּיאות געקרייזטע,
מיט אויגן קויל־שוואַרצע, —
פאַרבענקטע, פון גלויבן,
מיט ליפּן בלוט־רויטע
וואָס לויבן —
די וועלט מיט געזאַנגען;

יידן מיט שניי־ווייסע זאָקן,
מיט גאַרטלען באַהאָנגען,
מיט קערפּערס געלייטערטע, ריינע,
מיט אויגן, וואָס שיינען —
ביים פאָרשן
און זוכן דעם אייביקן רעטער.

אַזוי ווי די געטער —
אין דיכטער־לעגענדן —
טויכן זיי אויף העל און בלענדן
אַרוים, מיר, פון וווייטן —
פון יענע פאַרגאַנגענע צייטן.

## פרייטיק פאַרנאַכט אין לאָדזער באַלוט

פרייטיק פאַרנאַכט, די זון פאַרגייט,
פון ראַדאָגאַסטשער טייכל אַרויס
קוואַקערן געזאַנגען פון זשאַבעס:
באַלד וועט זיין שבת.

אין די אָרעמע וועבער־שטובן,
רוען די וועבשטולן איינגעשטילט.
די זון אין מערב־זייט שפּרייט
דעם שבתדיקן מנוחה־גלאַנץ
איבער וועבער־שויבן.

בינטלעך פאַרשפּעטיקטע טויבן
שוועבן צו זייערע היימען —
אין די נעסטן אַריין:
באַלד וועט שבת זיין.

איבער די גאָלדענע שינדל־דעכלעך
לעשן זיך די פאַרנאַכט־שטראַלן,
דראָשקאָרזשעס שפּאַנען אויס די פיאַקערס:
— פערדלעך, אין שטאַל אַריין:
באַלד וועט שבת זיין!

פרומע מאַמעס און אַלטע באָבעס —
גרייטן זיך צום ליכט־בענטשן.
פאַרשפּעטיקטע אַרבעטס־מענטשן
מיט „קעטעס" איילן צו די היים־שטיבן,
אויפצונעמען דעם שבת ליבן.

די געסלעך בלייבן איינגעשטילטע.
איבער די הייזלעך נידערט אַ געזאַנג
פון די ראַדאָגאַסטשער זשאַבעס.
און דורך דער רואיקער שטילקייט
שלייכט אין שול אַריין
די מלכה שבת.

## שבת־צונאַכט

שבת, נאַכט, די שטערן אויפֿן הימל גליען העל.
די פּרנסה־זאָרג ליגט ווידער אויף דער שוועל:
פּאָר הייזער ייִדישע
שטייען וועגענער, אין שניי געזונקען,
שטייען „פֿילקאַשקעס״ מיט ווייסע בוידן —
באַזילבערטע אין פֿראָסט געטונקען.
איינגעשפּאַנטע פֿערד פֿרייכן מיט די נאָזדרעס,
רייסן זיך אין וועג:
פֿליען שטיקער שניי, גלימצערן קאָפּיטעס —
דורשטיק צום געיעג.
שטורקאַצן לייכטן רויט אין דער נאַכט אַריין
און שפּרייטן אויס אויף שניי־געמעל אַ פּורפּור־שיין:
פֿאַלן רויכן, קנוילעקע ווי מאַטע שטיקער זייד
אויף ביימלעך, פֿראַסטיקע, מיט פֿרייד
באַשפּרינקלטע, מיט פֿונקען.

מיט ווינטערדיקע בענקשאַפֿט אַנגעטרונקען —
אויף שטילקייט שנייאיקער פֿון נאַכט —
אויף געסלעך ווייסע, איינגעשטילטע —
הילכן לעבעדיקע בייטשן־קנאַלן, וועקן הייזלעך
אין ווייסע פֿוטערן געהילטע:
הענדלער ייִדישע פֿון די יאַר־יאַרידן,
שטיוול־מאַכער, הויזן־נייער, קאַסע־שמידן —
לאָזן זיך אַרויס אין וועג,
אין ציגיינער־בוידן, מיט שטויסן „קאָזשוכעס״, מיט פּעק—
מיט היטלען, „בורקעס״ פֿאַלטענעס און טיכער,
לאָזן זיך דורך שניי און ווייכער —
פּרנסה זוכן:
דערפֿער צו באַקליידן און באַשוכן!
האַרעפּאַשניקעס, מיט בערד,
טראָגן אויף די פּלייצעס שווער דעם יאָך,
פֿון וואָך צו וואָך.

**שלעפּן זיך דורך נעכט אין בוידן־קאַראַוואַנען, אין אַ ריי,**
**איבער וועגן פּוילישע, דורך וועלדער זילבערנע —**
**פון פראָסט און ווינט און שניי —**
מיט זמרלעך פאַרשלאָפענע,
מיט בענקשאַפט אינעם האַרץ:
שלעפּן זיך דעם מזל ליכטיקן אַקעגן —
איבער הויך פאַרשנייטע, ווייסע ווינטער־וועגן.



## האַנדל, האַנדל

בערדיקע ייִדן, מיטן דלות אָנגעהאָנגען,
טראָגן זעקלעך — אָרעמע פֿאַרלאַנגען,
שליענטשען איבער גאַסן פֿון שטאָט,
פֿון אויפֿגאַנג ביז די זון פֿאַרגייט:
און שרייען אין די פֿאַרשלאָפֿענע הויפֿן אַריין:
— האַנדל! האַנדל! האַנדל!

און די פֿינף גאָרנדיקע הייזער
וועקן זיך מיט געבייזער,
אויף די באַלקאָנען, מיט שטוקאַטורן,
די לייבן־קעפּ און מאַדאָנעס.
האָרכן און הערן זיך איין די פֿיגורן
צום פֿאַרצערטן געוויין
פֿון בערדיקע ייִדן, וואָס כליפּען
אין די שטילע מויערן אַריין:
— האַנדל! האַנדל! האַנדל!

און ס׳פּייפּט דער דלות מיט אַ זשיפּען
פֿון די ליידיקע זעקלעך אַרויס.
און די קולות, מיט אַ יום־כּפּור־ניגון
הייבן זיך אין וויגן
אין די צעפּראַלטע פֿענצטער אַריין,
און וועקן די פֿאַרשלאָפֿענע הויפֿן:
— האַנדל! האַנדל! האַנדל!

## דער דאָרפֿס־גייער

מיט אַ שטעקן אין דער האַנט
שלעפּט אַ ייִד זיך מיד און שפּאַנט.
שפּאַנט אַ גייער תּכלית זוכן,
מיט אַ זעקל פֿול בטחון, —

טרעט אַ ייִד אויף פּוילנס וועגן,
קומט דער אויפֿזשאָר אים אַקעגן:
„אַ, גוט־מאָרגן, פּעטער מאיר,
וואו אַהין שפּאַנט איצט אַ גייער?"

מיט אַן אומעטיקן ניגון
נעמט דעם גייערס קול זיך וויגן —
פֿאַר די פֿעלדער זיך באַקלאָגן,
פֿאַרן אויפֿזשאָר פֿונעם טאָגן: —

„ס'האַלט די נויט מיך אין איין יאָגן —
כ'האָב קיין פֿערד נישט און קיין וואָגן;
נאָר אַ פּולע שטוב מיט קינדער,
ס'איז מײַן לעבן לויטער וואונדער: —

גיי איך האַנדלען, האַנדלען וואַנדלען,
נישט מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען:
אין איין כאַטקע קויף איך אייער,
מעסטלעך קאָרן פֿון אַ פּויער.

ביי אַ צווייטן, אין אַ שטעלכל,
קויף איך פֿון אַ ציג אַ פֿעלכל,
ביי אַ דריטן קויף איך פּוטער —
ס'לעבן איז מיר שווער און ביטער!"

ענטפערט טאָג אים: ביטער שמיטער —
ס׳וועלן באלד אַ זינג טאָן שניטער:
זע די פעלדער מיט די זאַנגען,
הער די פייגעלעכס געזאַנגען!

זע דעם קאָרן אויף די בייטן:
ס׳רייפט מיט שפע, ס׳יערן ברויטן!
האָב בטחון, נאָר נישט קיין טרערן —
גאָט וועט אַלעמען דערנערן!

## די זון פאַרגייט

די זון פאַרגייט, דער שבת קומט:
אָפּגערייניקט איז דער מאַרק און לער.
דער אַלטער שמש שלעפּט זיך מיד און שווער —
צו יעדער קראָם און קלאַפּט:
— אין שול אַריין!

די זון פאַרגייט, דער לעצטער שטראַלן־שיין
גליט אָפּ אויף ביימער, רויט געהילט;
אַ פּורפּור ליכט הילט איין
די רואיקייט פון שטאָט.
די פענצטער שטראַלן אויף באַגילדט:
— ליכט צינדן!

און סקולערט זיך דער רוף הויך, הויך,
צוזאַמען מיט די פליענדיקע טויבן,
הויך, צום הימל־רוים אַוועק.
אַ לאַבירינט צעפינקלט זיך פון פענצטער, העל
און זינגט אַריין מיט שלוה אין יעטווידער זעל.

און שטיל מיט ווייסע פליגל שוועבט אַראָפּ די זומער־נאַכט
און באַגריסט די וועלט;
די זומערדיקע בין־השמשות־ווינטלעך
זאַנפט און קיל —
כאַפּן אויף די טענער פון דער שול:
— לכה נרננה! —

# שבת אינדערפֿרי

שבת אין דער פרי:
יידן גייען זיך געלאַסן,
אין די שטריימלעך, שיך און זאָקן,
איינגעוויקלט אין די שלאַפרעק;

רויטע, ברוינע, גרינע שלאַפרעק
שפיגלען זיך אין מאָרגן־העלקייט;
און זיי שפרייזן, שטילע, ווי די פרינצן,
אין דער שול־גאַס, צו דער מקוה, זיך צו טובלען.

העל, און גאָלדיק ליגט די מאָרגן־שטילקייט
אויף די הייזלעך, אויף די ביימער.
און דער קערער קערט די גאַסן,
שאַרט צונויף די שטרויען, בלעטלעך;

הויבט זיך אויף אַ שטויב, אַ זילבער וואָלקן —
קנוילט זיך ביז צום בלויען, קלאָרן הימל,
און צערינט ווי רויכלעך אין דער הויך,
אין דעם קלאָרן לאַבירינט;

און די שטיינער דרימלען, דרימלען,
פון דער מאָרגן־זון באַשימערט;
הערט מען נאָר דעם בעזים סקריפּען
און דאָס וואורקען פון די טויבן:

טויבן, ווייסע, זילבער־גרויע,
לאָזן זיך אַראָפּ, צעשפרייט די פליגל —
אויף די פוסטע אָפּגעקערטע שטיינער
און זיי וואורקען, וואורקען — שבת אין דער פרי.

## שבת־רו

שבת נאָכן מאָלצייט, טאַטע־מאַמע דרימלען,
און דאָס קינד אין וויגל חלומט זיס און פריש;
דורך די לאָדן־שפּאַלטן פאַלן דינע שטראַלן,
ס׳העלן שטרייפן, גאָלדיק, איבער בעט און טיש.

ס׳שפּיגלט זיך דער אָפּשיין איבער מאַמעס פּנים,
איבער אירע ליפּן איינגעדרימלט ליב;
און אַ שטראַל בלענדט גאָלדיק אויפן טאַטנס שטערן,
אויף דער באָרד דער רויטער און פאַרלעשט זיך טריב.

אַלע פענצטער דרימלען, ס׳דרימלען די גאַרדינען,
ס׳בלאָזט אַ ציידן ווינטל שמעקנדיק און קיל;
שטיל, מיט שבת־שטילקייט דרימלען מיט די לייכטערס,
דאָס קעצל אויפן פענצטער רואיקט, ווייס און שטיל.

בלויז די פליגן וואַכן, זינגען נאָך דעם זמירות —
זשומען דורך דער שטילקייט אין דער שטוב אַרום;
און די שטילקייט אָטעמט פון איעדן ווינקל,
מיט אַ זומער־ניגון שבתדיק און פרום.

שטיל, אין זיסן דרימל רוען טאַטע־מאַמע
שבת נאָכן טיש;
דורך די לאָדן־שפּאַלטן בלאָזט אַ מילדער ווינטל
שמעקנדיק און פריש.

# מיין טאַטע

מיין טאַטע פלעגט נייען נאָר פּוילישע קליידער,
פאַר דאָרפּישע שיקסעס פון פּוילן:
קליידער פון סחורות צעבלימטע;
מיט סטענגעס ווייַן-רויטע באַצירט ער
די אַקסלען פון פריידיקע קליידער.

ביז שפּעט אינעם אָוונט פלעגט זיצן מיין טאַטע
און העפטן און שטעפּן און נייען —
די שטאָפן ווי מאַיאיקע פעלדער צעבליטע,
און שטעפּן און גלעטן די בלוי-קאָרן-בלימלעך,
וואָס שמעקן מיט ריחות פון פּוילישע לאַנקעס!

ביים שטעפּן פלעגט ברומען פון הונגער, דער טאַטע
א זמר פון שבת, אַ ליכטיקן ניגון;
ער זינגט און זיין פּנים ווערט לויטער —
אַזוי ווי די קוויטן אַראָפּ פון די שטאָפן
וואָס גליען און העלפן אים מיט צו דעם זמר;
און ס׳קייקלען זיך טרערן און פאַלן און פאַלן
אַראָפּ אויף די שטייפע, געבלימלטע קליידער —
ווי טויען וואָס פאַלן אויף זאַנגען און ביימער.

# די נאַכט איז טריב

אין שטוב איז קאַלט, די נאַכט איז טריב,
אַ מייזל קראַצט, עס גרילצט אַ גריל:
אַ ניגון סקריפּעט פול מיט צער —
און וואָס ער קלאָגט און וואָס ער וויל —
ווייס נאָר דער אומעט פון דער שטוב.

דער טאַטע זיצט ביים טיש און נייט —
ער העפט אַריין די הונגער־צייט;
דער קרעטאָן שמעקט, דער קראָכמאַל שטייפט,
און יעדעס קווייטל קוועלט און רייפט —
אַראָפּ פון זיינע קניען.

און שטוב איז קאַלט, די נאַכט איז טריב
אַן אומעט בלאָזט אַריין אין שטוב:
דאָס שטעטל שלאָפט זיין הונגער־שלאָף,
און בייזע הינט זיי וואָיען.

# מיין מאַמע חנהלע

די מאַמע מיינע איז גאַנצע נעכט ביי „געווינערינס"...
קינדער, יידישע אָפּצונעמען:
זומער אין די היצן, דורך פראָסט און שניי אין ווינטער—
טראָגט זי פרייד און טרייסט צו די שטיבלעך, אָרעמע.

און אָפטמאָל, ווען די זון גייט אונטער —
שלייכט איר גוף אין שטוב אַריין, בלייך און מיד,
וויינט דער צער אַרויס פון אירע גוטע אויגן,
פון איר יעדן גליד: —

צער, פון יענע מאַמעס, צניעותדיקע —
אין דער נויט-שעה פון געבערן.
אין דרויסן, אויפן גראַנאַט-הימל
צינדן זיך שוין אָן די שטערן,

דורכן פענצטער קוקט אַריין די נאַכט;
דער מאַמעס ליפּן גאָרן נאָך אַ ביסל רו —
ווי מיד זי איז, ווי מיד.
ערגעץ וויגט מען איין אַ קינד מיט אַ טרויעריק ליד.

די געסלעך — איינגעשטילטע — שלאָפן איין;
פון אַלטן קאָסטשאָל ציטערט אַ געזאַנג
אין שטוב אַריין,
און די אָרגלען זינגען,
די שווערע תפילה-גלאָקן קלינגען —
קלינגען אויס דעם אומעט אין דער נאַכט אַריין,
און קלינגען, קלינגען —
„בים-באַם. בים-באַם!"

## פייגעלע חלומט

אַ חלום אַ ליבער,
וואָס צאַנקט און פאַרלעשט זיך;
נאָר פייגל איז טויט שוין, —
דער חלום לעבט אייביק.

קומט שבת —
זיצט פייגל, פאַראײנזאַמט, אין שטוב ביי איר מאַמען,
מיט אויגן וואָס בענקען און ליבן —
פאַרחלומט, ביים לייענען די ביכלעך.

זי לייענט פון ריטער, פון פרינצן און לאָרדן,
וואָס קומען צורייטן ביינאַכט, צו די פענצטער
פון פריצישע הייזער;

די הייזער — גראַטעסקן, מיט שויבן וואָס פינקלען ביינאַכט
דורך די ווייטן, ווי שטערן,
און וויגן דאָס מיידלשע הארץ איין מיט טרוימען —
טרוימט זי:
עס וואַכן די שומרים אַרום ביי די זילבערנע טויערן,
עס לייכט די לבנה אַריבער די דעמביקע צווייגן,
עס ציטערן דופטיק די רויזן, די קעפּלעך געזונקען,
אַרום מיט לבנהקע שטילקייט באַהאַפטן;
און שטיל ווי אַ חלום באַווייזט זיך דאָס מיידל:
באַלד נעמט איר דער ריטער אַרויף אויפן פערדל,
אַזוי ווי אַן אָדלער מיט פליגל צעשפּרייטע —
יאָגט ער דורך וועלדער אוראַלטע,
ער האַלט איר געקלאַמערט און גלעט אירע לאָקן,
וואָס הענגען ווי טרויבן אַראָפּ פון די צווייגן.
זי הערט אויך זיין שעפּטשען:

— מאַדאָנע, צי זעסטו דעם ליכט-פּלאַם פון ווייטן? —
דאָס וואַרטן דיך אָפּ מיינע שומרים מיט פאַקלען,
דאָס וואַרטן זיי אָפּ דיך דיין קאָפּ צו באַקרוינען!

— — — — — — — — — —

זי עפנט די אויגן — אַ חלום אַ ליבער:
עס שלאָפט שוין די מאַמע, זי ליגט איר אין אָרים.
עס זומט נאָך דער טשייניק און זידט אויפן אויוון.
עס רויטלען די גאָלדענע גלאָזיגעס אין פייער.
אַ גאָלדענער שימער קוקט באַנג פון די ווינקלען.
און אומעטיק דרימלט דאָס שענקל מיט ספרים.

אַ סקריפּ:—
די טיר עפנט אויף זיך, ס'באַווייזט זיך דער פאָטער, רב אליה.
די באָרד איז פאַרשנייט ווייס, עס שימערט בריליאַנטיש.
זיין פעלץ איז פאַרווייעט מיט „פערל" באַהאַנגען.
עס שלענגלט זיך ווייס אויף דער רויך פון זיין לולקע.
עס טריפן חלומות אַראָפּ פונעם סופיט.
די אויגן זיך שליסן און פייגעלע חלומט:
די שטוב איז אַ פּאַלאַץ און זי — אַ פּרינצעסין!

עס וויגן זיך פּאַלמען פריש, גרין, פאַרן פענצטער.
זי שטייט ביי דעם פענצטער און וואַרט אָפּ איר ליבסטן;
עס קומט איר אַקעגן אַ בחור, אַ בלייכער, די אויגן זיי לייכטן,
די קליידער פון אַטלאַס, שוואַרץ איז זיין כאַלאַט
וואָס וויקלט אַרום צאַרט זיין שלאַנק יונגן קערפּער.
ער שטרעקט איר די הענט אויס, זי גייט אים אַקעגן.
ער בויגט זיך אַראָפּ צו די שניי־ווייסע טולפּן,
וואָס דרימלען אין שאָטן, רייסט אָפּ צוויי בלומען:

— אַזוי איז מיין אומשולד, איך ברענג דיר מיין ליבע.
אָ, טאָכטער: געקרוינטע, פון יידישן יחוס!
אַ נעפּל דערהויבט זיך — ער ווערט איר פאַרשוואונדן,
זי זעט נישט זיין פּנים, זי הערט נאָר זיין רופן:
— אַזוי זעט מיין האַרץ אויס, אַזוי איז מיין ליבע! — — —
זי עפנט די אויגן: אַ חלום אַ ליבער — געצאַנקט און פאַרלאָשן.

## דער וועג צום רבינס חדר

לײמיק איז דער וועג אַרויף צום רבינס חדר,
נעבעכדיק די הײזלעך, גרוי און אָרעם,
פֿאַרשמירט די ווענט, פֿאַרזונקען אין רעיונות;
נאַקעט איז די גאַס און פֿול מיט גריבער;
רעגנט, יערן אויף די זומפּן, בלײַבט מען דאָרטן שטעקן;
קומען פֿורן אָן פֿול מיט ווײַבער —
שלעפּן זיך די פֿורן דורך די וויסטע בלאָטעס
און די ווײַבער הוידען זיך און שרעקן.
און די בײַטשן קנאַלן וועקן —
— ווי־יאָ!
די פֿערדלעך פּראַכן מידע פֿון די וועגן;
זומפּיק איז אין האַרבסט דעם רבינס גאַס
און לײמיק נאָך אַ רעגן.

טונקל איז די שטוב וואָס פֿירט צום רבינס חדר,
גרוי די ווענט און אומעטיק די טישן;
אַלטע ייִדן זיצן בײַ די טישן, שרײַבן קוויטלעך, זיפֿצן.
אויפֿן סופֿיט אָנגעהאַנגען ברענען לאָמפּן, קראַנקע לאָמפּן;
פֿאַלן פֿאַסן ליכט אַראָפּ אויף די זילבערבערד,
פֿאַלן שטרײַפֿן ליכט אויף די הענט די דאַרע, —
שפּיגלען זיך אויף די ווײַסע גענד־זן־פּענעם —
וואָס שרײַבן און פֿאַרשרײַבן נעמען און בקשות;
און די ווײַבער וויינען מיד פֿון צרות, וויינען
און ווישן זיך די אויגן:
— רבי העלפֿט!

וויינען מיט די שאַטנס אויף די גרויע ווענט,
וויגן זיך די גרויע שאַטנס מיט די בערד
אויף די ווענט, פֿאַרצערטע;
זיפֿצן קלאַפּן אָן אין דעם רבינס טיר —
בלײַבן הענגען אין דער לופֿט, פֿאַרשטאַרטע:
— רבי העלפֿט!

און די נאַכט קוקט שטום אַריין
אַ פֿינצטערע, אָן גלויבן,
און אָטעמט אויס דעם לעצטן אָטעם פֿון דער נאַכט
אויף די בלינדע שויבן.

אַ שטילער אומעט דרימלט איבער דער שטוב.
אין מזרח־זייט גליען שוין די הימל־ראַנדן,
אַ ליכט־פּאַס צינדט אָן די שויבן
און נעמט גלימערן איבער די ווענט,
דאָס ליכט גיט אַ בלענד און פֿאַרלעשט זיך.

פֿון רבינס אומעטיקן, שטילן חדר אַרויס —
גייט אויף אַ פֿלאַטערדיקע תּפֿילה
און טראָגט זיך וויינענדיק צום הימל.

# דער זיידע ר׳ הערשל

צווישן די אָרעמע קינדער פון שטעטל פלעגט ער אומוואַנדלען
זיי היילן און העלפן.
די קינדישע אויגן, באַטריבטע, מיט קראַנק־בלייכע צורות,
דערזעען זיי שפּרייזן דעם רופא —
דורך שויבן באַנעצטע פון רעגן —
ווערן זיי פריידיק:
די באַקן, באַטרערטע זיך רויטלען,
ווי האַרבסטיקע עפּל אויףביימער מיט אומעט:
— אָט קומט ער דער רופא!
אָט קומט ער!

און אָפטמאָל:
ווען האַרבסט האָט מיט האַגלען, מיט רעגן און ווינטן
באַפאַלן דאָס שטעטל, דאָס איינזאַמע שטעטל;
עס רעגנט און רעגנט, אַלץ טאָפּיעט אין נעצקייט,
אַלץ ליגט פייכט אין אומעט פאַרנעפּלט;
עס קאָרטשען זיך איין אַלע הייזלעך אין עלנט פאַרזונקען:
עס רעגנט און רעגנט;
עס גייען די טעג אוים מיט אָטעם פון קראַנקייט,
מיט טרערן פון מאַמעשע אויגן מיט זיפצן פון באָבעס,
מיט ווינטישן וואָיען וואָס יאָמערט אַריין
אין די אָרעמע יידישע שטיבלעך:
דעמאָלט —
זיצט שטום, ביי דעם בעט פון אַ קראַנקן, דער זיידע ר׳ הערשל;
עס עפנט דאָס קינד אויף די אויגן, פאַרנעפּלט,
וואָס בעטן זיך, בעטן...

עס זימזעט אין האַלדז דאָרט אַ „פידל״,
מיט סטרונעס וואָס צימבלען צעבראָכן,
און רייסן זיך איבער, צעכאָרכלט,
מיט פייפן און קרעכצן און כריפּען,
עס ציען די גלידער, זיך ווייסע, ווי מאַיאיקע ליליען,
און בלייכן און שטייפן:
דעמאָלט —
זיצט טיף אין זיין צער איינגעוויקלט דער זיידע,
ביים קראַנקן, מיט טרערן אין אָפענע אויגן,
מיט האַרץ אַ צעעפנטס, וואָס בלוטיקט און בעט זיך:

— איך שענק דיר אַ טייל פון מיין לעבן,
אַ, קינד פון די גויטן פאַרוואָרלאָזט!
אַ, בלום נישט צעבליטע, ווי וויטיקט דיין וועלקן!

— אַ, גאָט! — בעט דער זיידע און מאַכט צו די אויגן פון טויטן,
און קושט אים דעם שטערן, דעם ווייסן,
אַזוי ווי זון קושט אַ בלימל אַן איינזאַמס
אין פעלד פאַרן שטאַרבן.

## דער עלטער זיידע ר׳ אהרן

דער זיידע ר׳ אהרן פלעגט קומען
פון פרזשעדבאָרזש, צופּוס, אַ פאַרשטויבטער,
אַ גאַסט זיין אויף שבת אין שטעטל,
ביי קינדער, קינדס-קינדער, פון יונגע צוויי דורות;
פלעגט ברענגען דער זיידע אַ זעקל מיט אויבסט
אויף די פּלייצעס, מתנות פאַר יעדן.
אַראָפּהענגען פלעגן די יאָרן, שוין ניינציק, ביי אים פון די אַקסלען
גערייפטע ווי פּירות.

געלעבט האָט דער זיידע אַ רואיקן לעבן;
געווען איז דער זיידע אַ גלייכער, געשטייפט ווי אַ סאָסנע,
אַ גיבור, מיט אויגן וואָס לייכטן און בענטשן;
דאָס פּנים געלייטערט פון אייביקן גלויבן און האָפן:
— נאָר האָפן, נאָר האָפן! —
דערהייבט ער די האַנט ווי אַ צייכן צום הימל:
— בטחון, נישט זאָרגן!

אַזוי ווי די שפּייכלערס, ביי פּריצים, נאָך שניט-צייט —
אַזוי איז דער קעלער אַ פולער ביים זיידן:
דער גאָלדענער האָניק אין טעפּ, בייכלדיק, רויטע —
פאַרלייכטן די פינצטערע פּאָליצעס פון קעלער,
די פעסעלעך בראָנפן, פון כראַביעס גאָרזשעלניע —
ווארזשען און וואַרטן אויף שמחות, אויף יידישע שמחות!
סע פּלאַצן פון פולקייט די פעסעלעך מידע
און יערן ווי פּליסיקער בורשטיין, אַוודאי פון כמעלניצקים צייטן,
עס שיסן די קאָרקעס אַריין אין דער פינצטער, ווען ס׳שלאָפט שוין דער
זיידע,

זיי יערן און שיסן און ווארזשען.
און קומען די טעג אָן, די האַרבסטיקע, טריבע,
מיט רעגנס און ווינטן:
הייבט אָן אים צו נאָגן אין האַרץ טיף דער אומעט —
נעמט שפּאַנען דער זיידע אַרום אין שטוב
און ברומען אַ ניגון, אַז איינזאַמען ניגון,

מיט טענער וואָס רייסן אַרויס זיך פון האַרץ אים,
ווי פייגל פון איינזאַמע שטייגן.

אין דרויסן איז האַרבסטיק, עס רעגנט,
סע פאַלן די בלעטער אַראָפּ פון די צווייגן
און וויינען שטיל אונטערן פענצטער און שטאַרבן;
אַ ווינטיקער אומעט פליט אום און ער פויקט אין די שויבן
אַזוי ווי די טריט פון אַ שדל,
וואָס טאַנצט ווילד ביינאַכט אויף אַ חורבה.
עס הענגען די הימלען, פאַרוואָלקנטע, שוואַרצע,
ווי שיפן מיט פענער, פאַרצערטע פון לענדער פאַרוויסטע;
דער זיידע צינדט אונטער ס׳לאָמטערל
און לאָזט זיך אַראָפּ אין קעלער, דעם טיפן,
אַזוי ווי אַ טויכער פאַרזינקט טיף צום אָפּגרונט פון ימען
נאָך אוצרות וואָס דרעמלען פאַרבאָרגן;

אַ כוסה, נאָך איינע, אַ דריטע!
און ליכטיקער ווערן די אויגן ביים זיידן,
און וואַרעמער ווערן די בלוטן;
דאַן הייבט זיך דער זיידע אַרויס פונעם קעלער,
מיט זמרלעך נייע צעבליטע;
ציט אוים ער די הענט צו די ליידיקע שטובן:
— אוי, לעבן, כאַטש איינזאַם, נאָר שענק עס, אוי טאַטעניו פאַטער
אַליץ איז דאָך — אוי, הבל הבלים!
די פיס זיך דערהייבן, באַשטיוולט, צום טאַנצן —
דער רעכטער צום ערשטן און באַלד נאָך דער צווייטער, דער לינקער,
די ביינקע הענט זיך צעשפּרייטן, אַזוי ווי די נאַקעטע צווייגן
מיט שטומע באַגערן;
עס פלאַקערט אין האַרצן דער אומעט,
נו, זינגט זיך, סע זינגט זיך מיט טרערן:

— אוי, גאָטעניו, פאָטער! באַ־באַ־באַ! באַ־באַ־באַ!
עס הייבן די פיס זיך אַזוי ווי אין חלום, פאַמעלעך, באַוועגלעך —
צעטאַנצט ער מיט ריטמישער שמחה, אַריבער די ליידיקע שטובן,
די איינזאַמע שטובן.

## די שענק

די שענק איז אַ רויטע, פון ציגל געמויערט,
דער דאַך איז פון קופּער, און ברייט דער אַריינפאַר.

דער שענקער, רב שכנא — אַ סאַסנע, אַן אַלטע —
באַזילבערט דער קאָפּ, און ס׳ווייסלט די באָרד שוין,
די אויגן בלוי־טיפע, באַברעמטע און ציכטיק,
עס רויטלט זיין פּנים אַרוים זיך פון רחבות,
און שטאָלץ איז זיין שטערן און ברייט זיינע אַקסלען,
און גלייך איז זיין קערפּער און פעסט זיינע שפּרייזן;
און פרום איז רב שכנא, אויך פרום איז זיין ווייבל.

און אייביק איז פול דאָרט און פריילעך זיין שענקל.
ער שטייט ביי די קראַנען און זי ביי די פלאַשן,
ער גיט אָן די קופּליעס און זי — ביי די גלעזער.
די קיכלעך, דער הערינג — צעשפּרייט אויף די טעלער —
פאַרלאַקן די פּויערים און רייצן די פּויערטעס.

די כלאָפּעס מיט גריוועס, ווי פערד פון די סטעפּעס,
מיט כאַלעווע־שטיוול, אַרויף ביז די לענדן,
מיט אויערן צעגליטע, מיט העלדזער ווי אַקסן,
געפּאַלדעט פון פעטקייט, געגאַלטע, און האַריק —
זיי האַלטן די גלעזער און טרינקען ווי שלייען;

מען טרינקט און מען קושט זיך: „אַ, ברודערקע ליבער —
מיין קו האָט געקאַלבט זיך, אַ, יאַשו קאָכאַני!״
מען טרינקט און מען זשלאַקעט, די פּנימער גליען.

שלעפט איינער אַרוים אַ האַרמאָנקע פון זעקל,
צעפּלייטלט אַ צווייטער: „פּיו־פּיו!״ — אויף אַ פלייטל;
און פול ווערט דאָס שענקל מיט פריילעכע טענער,
און אויפגעלעבט ווערן די מענער און פרויען:

פארפלעכטן זיך פארלעך מיט הענט ווי די צווייגן,
פאדבאקים איין האנט, און די צווייטע פארוויקלט
ארום שיינעם האלדז פון א רייצנדע גויע;

עס ווארפן די טענצער אראפ די „סוקמאנעס" —
עס ווייסלט דאס העמד זיך פון האריקן קערפער:
„יוכא־כא! יוכא־כא!" — עס סקריפעט דער דיל אזש!
עס דוכט זיך אז שדים צעטרייסלען דאס שענקל;
א כאפ אן די שיקסע ארום פאר די באקעס,
א דריי אין דער לופטן, א טופ מיט די שטיוול.
און ווער נאר עס קען מיט די פיס זיך באוועגן —
כאפט מיט זיך אין רעדל: „יוכא־כא! יוכא־כא!"
און ס'פליימל העלפט אונטער צום טאקט זיי — „פיו־פיו־פיו!"

די גויים שוין גרויע, ארום ביי די טישן,
זיי טרינקען און פיפקען מאכארקע־ציגארלעך,
זיי בלאזן די קנוילן ווי זילבערנע וואלקן,
און קוקן מיט האלב שוין פארשיכורטע אויגן
אהין צו די טענצער, וואס ווירבלען צעבריקעט,
אזוי ווי די זשרעבקעס צעבריקען זיך טיילמאל
אויף לאנקעס פארגאסן מיט זון־שיין און בלומען!

עס דוכט זיך אז יעדערער פוס איז א פליגל,
זיי פליען צעפלאטערט אין רונדיקע קרייזן,
די ברוסט ציט פאראויס זיך, דעם האלדז אויסגעצויגן,
די גריוווע צעשויבערט די נאזלעכער פייפן,
און קוים וואס די פיס נאר באנרירן די ברעטער,
און איינס יאגט דאס צווייטע, די פאדקעוועס גלאנצן!

אזוי זעען ווילד אוים די פארלעךביים טאנצן
אין שענק ביי רב שכנא.
און ער מיט זיין ווייבל — זיי מעסטן די קופליעס,
דאס ביר שוימט צעפיאנעט, עס טריפט אויף די טישן;
עס דונערט אין שענקל פון טעניץ און געזאנגען!

נאָר צווישן די קלאַנגען פון פלייט און האַרמאָנקע —
בלייבט זיצן רב שכנא פאַרטיפט אין אַ ספר,
זיין שטערן קריגט קנייטשן, די אויגן זיך לייכטן:
זיין גייסט נעמט גאָר שוועבן אין העכערע וועלטן,
אין וועלטן פון קדושה, פון צער און בטחון;
ווער קרעטשמער? וואָס קרעטשמער?—ער הערט נישט דאָס פלייטל,
ער הערט נישט דאָס טופּטשען פון פויערשע טענצער:
זיין האַרץ טרינקט ניגונים אַרויס פונעם ספר —
ניגונים וואָס צינדן דאָס האַרץ אָן מיט גלויבן!

דער שענקער פאַרוואַנדלט זיך צוריק אין אַ למדן —
אַ ייד אין אַ שטריימל וואָס דאַוונט ביים מזרח,
וואָס פּראַוועט שבתים ביי זילבערנע לייכטער,
מיט אָרעמע אורחים ביים טיש שבת־יום־טוב!

פאַרמאַכט ער דאָס ספר, באַלד ווערט ער צוריק שענקער,
פאַרלעשט זיך דאָס ליכט אויף זיין לויטערן פּנים,
אַזוי ווי דער מערב ווען ס׳לעשט זיך די זון אוים.

# דער וואַסער־טרעגער

(חיים קרולן)

## א

ר' משה דער וואַסער־טרעגער — אַזוי האָט מען אים גערופֿן.
געווען איז אַ ייִד אַ ברייט־פּלייציקער,
מיט אַ גרויסן האָריקן קאָפּ, ווי אַ קירבעס, מיט אַ הויכן קאַשקעט.
דאָס פּנים ברייט־ביייניק, מיט צער־קנייטשן,
דער שטערן מיט פֿאַלבן, ווי אויסגעטריקנטע רינוועלעך,
די ליפּן — פֿאַרשטעלט מיט די וואָנצעס — זאָגן בלויז גוטע רייד
זיין לאַנגער גרויער וואַטענער קאַפּטן, ביז איבער די קניען —
איז מיט לאַטעס, וואָס גלאַנצן פֿון שימל, ווי אַ חורבה־דעכל,
דער קאַפּטן עלטערט זיך איבער זיינע אויסגעהאָרעוועטע ביינער
צוויי קישעלעך איבער די אַקסלען, ווי צוויי מולטערלעך —
גרינגער צו מאַכן די לאַסט — די קראַמיסלעך, מיט די עמער —
צו פֿאַרזאָרגן די ייִדישע הייזער מיט קוואַליק וואַסער.

## ב

די שטוב, וואו ר' משה וואַסער־טרעגער וואוינט, איז קליין און טונקל,
די ווייס־געקאַלכטע ווענט זיינען אומעטיק,
מיט דער פּראָסטקייט פֿון אַ דאָרפֿישן צעלט.
דער ברעטער־דיל איז תמיד ריין געשייערט
און באַשפּרינקלט מיט געלן זאַמד, פֿאַר ריינקייט וועגן,
ביים טיר — אַ פֿעסל מיט אייזערנע רייפֿן.
איבערן פֿעסל, אויף ברעטל, אַ בלעכענע קוואָרט.
ביי די ווענט — צוויי פּראָסטע בעטן, מיט מצבה־קאָפּשטיקן,
די מאָגערע פֿעדער־דעקן, מיט פֿויערשע געבלימטע ציכן.
די איבערדעקן — געלבלעך, מיט בלויע פֿעלד־בלימלעך.
אַ נאַקעטער ברעטער־טיש חלומט אין מיטן שטוב, פֿון אָרעמע
מאָלצייטן און פֿון הייליקע שבתים און יום־טובים.
פֿון דער הילצערנער פּאָליצע קוקן אַראָפּ דאָרע, מעשענע לייכטערלעך;

אָרעם איז די שטוב, נאָר רייך דאָס האַרץ פון ר׳ משה וואַסער-טרעגער
און גליקלעך דאָס האַרץ פון זיין ווייב — די מאַמע —
מיטן זון — יצחק בן משה.

ג

מיט יעדן אויפזשאַר פון טאָג שפּאַנט ר׳ משה דער וואַסער-טרעגער
דורך די פאַרשלאָפענע געסלעך, מיט תפילות אויף די ליפּן.
פאַר זיינע טריט דימענט זיך דער פרימאָרגן-טוי,
און איבער אים לויטערט זיך דער הימל, מיט קלאָרקייט.
זיינע אויגן קוקן מיט דאַנק אויף די הימלישע וואונדער ;
די זון גייט אויף אין מזרח-זייט, אין אַ פייער-קרוין.
גאָלדענע טישטעכער באַשיינען גאָטס ערד —
ר׳ משה וואַסער-טרעגער שפּאַנט איבער די וועגן צו גאָטס הויז.
מיט אַ הייליקן ליכט אין האַרץ געגענט ער — צו לויבן אים,
מיט צוטרוי איז זיין האַרץ צו זיינע מעשים,
אים, — וואָס באַווייזט וואונדער צו דער וועלט,
און רחמים צו דעם זינדיקן מענטש :
זיין געלייטערט פּנים ליכטיקט,
זיינע אויגן טרינקען זיך אָן מיט גאָטס קוואַלנדיקן ליכט.

ד

שטעטלס אָרעמקייט רוט נאָך אין געוועב פון חלומות.
אין ווייסע, ווייכע לעטשלעך טאַנצט די אידילישע שטילקייט,
אַ הונגער-טאַנץ פאַרביי די אָרעמע יידישע שטיבלעך :
די וויים-געקאַלכטע הייזלעך בלייכן אין אויפטאָגן.
שאַ, שטיל — אַ האַרבסטיק ווינטל וויגט די ביימער-שפּיצן.
פון די שטילע, רוישנדיקע ביימער פאַלן פאַרגעלטע בלעטער —
פלאַטערן ווי גאָלדענע זומער-פייגל.

באַלאָדנטע שלאָפן נאָך אַלע פענצטערלעך.
אָבער ר׳ משה וואַסער-טרעגער שלאָפט נישט :
מיט שווערע טריט וועקט ער די פרימאָרגן-שטילקייט.

ער וועקט די לופט מיט פסוקים תהלים:
ער בעט: — אוי מאַטעניו, היט און באַשיץ דיינע קינדער —
שטרעק אויס דיין גנאָד איבער דיין פאָלק ישראל!



## ה

יעדעס הויז, וואָס דער וואַסער-טרעגער שפּאַנט פאַרביי,
איז אים ליב און אייגן, ווי די ביינער פון זיין גוף;
יעדער שטוב קען ער גוט, יעדן מענטש ווייס ער גוט —
ער ווייס ווער עס האָט אַ מאָלצייט צו דער זעט און ווער ס'הונגערט.

ער קען די ליידיקע טישן, וואָס שמאַכטן נאָך אַ לעבל ברויט,
דורך די פענצטערלעך קוקן אויף אים יידישע קינדער־אייגעלעך —
פול מיט שטומען צער פון הונגער און אָרעמקייט.
נישט פרעמד זיינען אים אויך די רחבות־שטובן,
וואו די זעטיקייט זינגט פון די ווינקלען אַרויס.

שפּאַנט ער איבער די אָרעמע געסלעך
מיט שטילע טענות צו גאָט: —
— טאַטע אין הימל, דו ביסט דאָך דער הערשער איבער דער וועלט,
וואָס זאָרגט פאַר אַלץ, וואָס לעבט אונטער דער זון:
דו שפּייזט דאָך אַ ווערעמל אויף דער ערד, אַ פייגעלע אין דער לופט —
נאָר פאַר דיינע אויסדערוויילטע קינדערלעך פעלט דיר רחמים אויס?
ווייסט דאָך גאָט: ווען קינדער וויינען פון הונגער ביינאַכט —
וויינען אַלע זיבן הימלען מיט זיי פון צער.
דו ביסט דאָך רייך, דיין ערד איז פול מיט שפע,
פאַרוואָס לאָזטו צערן די מאַמעס אויף דער נויט פון די קינדער?
פאַרוואָס לאָזטו פעכניען קליינע קינדער פאַר אַ ביסן ברויט?
אַזוי שרייען זיינע לעפצן אין דער שטילקייט אַריין.

ו

מיט יעדן אויפטאָגן ביז זון־פאַרגאַנג שלעפּט ער זיך דורך די געסלעך,
די פולע קובעלקעס הענגען אויף די קייטן און שניידן די אַקסלען,
די שוויים־טראָפּן רינען איבערן פּנים אין דער באָרד אַריין,
ווי ביי אַ געפּייניקטן קוקן זיינע מילדע אויגן,
די פיס פירן אים צו אַן אָרעמער שטוב אַוועק —
וואו דאָס ליידיקע פעסל גענעצט מיט אַן אָפענעם מויל.

ביי דער שוועל וואַרט אויף אים די יידענע מיט צענער אין האַנט —
זיין לוין:
קוקט ר׳ משה מיט רחמנות און בעט זיך ביי איר:
— האַנט, אָרעמע מאַמע־האַנט,
ווי קען איך צורויבן דעם ביסן פון דיינע קינדערס מויל?

אפשר ברויכסטו אויף אַ טעפּל גריץ פאַר זיי?
מיין פּרנסה איז דאָך פון גאָט —
איך שעפּ דאָך מיין חיונה פון זיינע קוואַלן:
שענק איך דיר אַ טייל פון גאָטס שפע!
שטייט די יידענע מיט דער אויסגעשטרעקטער האַנט:
ברכות טריפן פון אירע ליפּן.

ז

קומען אין שטעטל אָן וואַנדערער פון ווייטע פּוילישע וועגן,
אָרעמעלייט מיט טאָרבעס אויפן פּלייצע.
נעמט זיי ר׳ משה וואַסער־טרעגער אויף אין זיין שטוב,
אָרומשטויבן זיי די קליידער,
דערפרישן דעם גוף מיט ריינעם קוואַלוואַסער,
טיילט זיך מיט זיי דעם ביסן ברויט,
גיט זיי אָוועק דעם שטרויזאַק פון זיין בעט,
אויסצורוען די מידע ביינער פון וואַנדער.
אַליין ליגט ר׳ משה דער וואַסער־טרעגער אין נאַקעטן ברעטער־בעט
און לויטערט זיין גוף מיט דער מצווה פון אַ מכנים אורח.

ווען נאָך האַלבער נאַכט, צינדט אָן דער וואַנדערער צוויי ליכטלעך
און זעצט זיך אויף דער ערד אָפּריכטן חצות.
שוועבן צער־תּפילות אין דער שטילער נאַכט אַריין,
ציטערט אַ געבעט איבער די איינגעשלאָפענע דעכלעך:
„צעשטערט איז אונדזער לאַנד, באַרויבט אונדזער הויז,
און צעטראָטן אונדזערע קינדער!״
פלאַטערן אומעטיק די פלעמלעך איבער די ווענט,

פלאַטערן מיט אַ צוויי טויזנט יאָריקן טרויער —
ביז דער זילבער־האָרן באַווייזט זיך אויפן בלייכן הימל,
ביז דער ערשטער פרימאָרגן־שטראַל
שפּאַרט אַריין דורכן לאָדן, ווי אַ ליכט־שטרייף,
מיט אָנזאָג פון נייעם אויפטאָגן.

ח

און ווערט ביי אַ יידישער מאַמען אַ קינד געבוירן,
גייט אויף אַ ליכטיקייט אין האַרץ ביי ר׳ משהן.
זינגט ער זיך אונטער ביים ברונעם: — כן ירבו!
קומט ער יעדן פרימאָרגן צום הויז פון דער געווינערין,
עפנט די טיר און מיטן רעכטן פוס רוקט ער זיך זייטיק אַריין אין שטוב,
מיט די פולע עמער וואַסער
און זינגט דער קינפּעטאָרין אַקעגן:
— מיט מזל זאָלסטו מיר לעבן און מיט יאָרן
מיט דיין מאַן און מיט דיינע ליבע קינדערלעך, אמן!
דאָס וואַסער אין די עמער פּעכלט קיל מיט פרישקייט
און ווי קריסטאַליקן וויין גיסט ער דאָס וואַסער אין פאַס אַריין
און זיין האַרץ קוועלט פריש, ווי זיינע עמערלעך וואַסער,
און די קייטן בלישטשען מיט געזאַנג פון די קראַמיסלעך,
מיט ליכט און מיט געזאַנג ווערט פול די שטוב.

אַזעלכענע טעג, זיינען אים טעג פון פרייד און פון יום־טוב:
שמירט ער אוים די שטיוול מיט פרישן טראָן,
פאַרשנאַלט מיט די רימענדלעך די כאָלעוועס ביז איבער די קניען
און שפּאַנט אַוועק מיט פרייד־טריט איבער די געסלעך
און פאַרשמעקט מיטן דזשעגעכץ־ריח יידישע שטובן.

ט

און ראַנגלט זיך, חלילה, ערגעץ אין אַ שטוב די נשמה
פון אַ יונגער מאַמען אין אַ קראַנקן גוף;
גייט אויף אַ געוויין אין בית־המדרש:
— יידן, בעט גאָט פאַר דער נשמה פון אַ קראַנקער מאַמען!
דאָס בית־המדרש ווערט פול מיט זקנים,
ברענענדיקע ליכט שמעלצן זיך איבער אַלע סטענדערס,
תהלימלעך זיינען צעעפנט אין זקנימס הענט,
תפילות פלאַטערן צו די הימלען.

בלייבן ר׳ משהס עמערלעך אויך שטיין ביים שוועל פון בית-המדרש
און טרויערן מיט די ליידיקע דנאָס צו די הימלען.
און ר׳ משה אַליין — פאַרזונקען מיטן קאָפּ אין אָרון-קודש אַריין,
בעט שטיל: העלף!
„טאַטע פאָטער, דו ביסט דאָך אַ רחום וחנון,
ווי דאָס שווימענדיקע שיפל אויפן שטורעמדיקן ים —
איז דאָך דעם מענטשנס לעבן אין דיין האַנט:
דו קאָנסט אים לאָזן דערשווימען צו אַ ברעג,
און דו קאָנסט אים שליידערן צום אָפּגרונט.
בעט איך דיך, איך, דיין קנעכט —
שענק דער יונגער מאַמען נאָך יאָרן צום לעבן,
אין זכות פון אירע קליינע קינדער!
צערייס דיין ביטערן גזר-דין!
**טאַמער ביסטו קאַרג? טאָ גיב איר אַ טייל פון מיינע יאָרן!**

י

**און האָט זיך, חלילה, אָפּגעטיילט דער מאַמעס נשמה פון איר יונגן גוף—**
איז ר׳ משה פאַראבלט געבליבן,
פון די עמערלעך זיינען געפאַלן די וואַסער-טראָפּנס,
ווי טרערן פון פאַריתומטע קינדער-אייגעלעך.
געגאַנגען איז ער איבער די געסלעך און גערופן:
— יידן, צו דער לויה!
די פייכטע פאָלעס הענגען אַראָפּ פון זיין לייב,
ווי דער צער אין זיינע ביינער.
און זיינע ליפּן — מורמלען:
— ווען דאָס בית-המקדש איז חרוב געוואָרן —
זיינען יידן געבליבן אבלים;
און ווען די נשמה פון אַ מאַמען ווערט צוגענומען
וויינען די קינדער ביינאַכט פון שלאָף:
„אוי מאַמע, מאַמע, וואו ביסטו?"
שוועבט אין דער פינצטערניש דאָס געוויין,
און פאַלט אין פרישן קבר אַריין.

רופט איר הארץ פון קבר ארויס:
„רחל מבכה על בניה".
און אזעלכע טעג רייסט זיין הארץ קריעה
און זיין גוף ווערט איינגעהילט אין צער
און זאגט קדיש.

## יא

פרייטיק, באוויזט זיך דער רויטבארדיקער ר׳ יאנקל נאר אויף דער גאס
מיט דער בלעכענער תלמוד־תורה פושקע אין האנט,
שטעלט אים ר׳ משה וואסער־טרעגער אפ מיט דרך־ארץ,
ווישט מיטן ארבל די טראפנס שוויים פון שטערן,
טויכט אונטער די האנט אין דער הויזן־קעשענע,
און טויכט אויף צוריק מיט א קופערנער מטבע אין די פינגער:
דערהערט זיך א קלימפער אין דער פושקע
און ר׳ משה וואסער־טרעגער פרעגט דעם רויטן ר׳ יאנקלען:
— גיבן יידן עפעס צדקה, רב יאנקל? צי גיבן זיי חלילה נישט?
יידן מוזן תורה לערנען! — הילכט זיין קול,
יידן דארפן תורה לערנען! — לייכטן זיינע אויגן —
אויב נישט, וועט חלילה א פינצטערניש נידערן איבער דער ערד,
און גאטס חסד וועט זיך אפטאן פון מענטש.

ר׳ יאנקל ווערט אויפגעמונטערט פון זיינע רייד —
און קלימפערט מיט די מטבעות אין דער פושקע, רופט:
— יידן, גיט תלמוד־תורה געלט, פאר ארעמע קינדער!
און שפאנט אוועק, אויף יענער זייט מארק.
און ר׳ משה שפאנט אהיים מיט די לעצטע צוויי עמערלעך וואסער:
באלד וועט זיין שבת.

## יב

און האט שוין דער הייליקער שבת קודש אראפגענידערט
און אויסגעשפרייט די בלויע טיול־פליגל איבער די הייזלעך,
צעפינקלען זיך שבת־ליכט פון די פענצטערלעך
מיט געזאנג פון מנוחה צו דער וועלט.

ווען איבערן הימל באַווייזן זיך די שטערן מיט הייליקן מנין,
טוט ר׳ משה זיך אָן דעם שוואַרץ־טוכענעם קאַשקעט,
קריכט אַריין אין דער ריפּסענער גלאַנציק, שבת יום־טוב איביצע,
און מיט אינערלעכער רואיקייט שפּאַנט ער איבער די שטילע געסלעך,
מיטן סידור אין האַנט — צו באַטרעטן גאָטס הויז.

אין שול זיינען זיינע אויגן באַהאַפטן מיטן אָרון קודש,
זיין האַרץ — איבערגעגעבן צו גאָט,
און זיין גוטסקייט — צום מענטש.
פרום און שטיל איז ער מקבל שבת,
ריין גייען אויף זיינע תפילות צום הימל,
מיט לויטערן געפיל זינגט ער אָקעגן
דער מלכה שבת — וואָס שטראַלט מיט רואיקייט
און הייליקט די נשמה מיט מנוחה און פרידן.
נאָכן דאַוונען היט ער אָפּ, ווי אַ שומר אויף דער וואַך,
אַז יעדער אורח זאָל האָבן זיינע שבת־מאָלצייטן.

מיט אַן אורח ביי דער זייט און מיט געזאַנג אין דער נשמה
גייט ער דאַן אַרויס פון שול, מיט גאָטס ליבשאַפט אין האַרץ,
אַ געלויטערטער שפּאַנט ער צו זיין אָרים שטיבל.

פון די פענצטערלעך שטראַלן די ליכטלעך מיט האָפענונג
אים אין האַרץ אַריין און זינגען צו אים:
— גוט שבת, ר׳ משה, גוט שבת!

## יג

און ווען די יאָרן פון צער און פיין
האָבן זיך איבער זיינע מידע פּלייצעס אַראָפּגעלאָזט —
ווי די לאַסט אויף אַ קעמל אין וואַנדערן;
איינגעבויגן זיין קאָפּ און געבראָכן זיין גוף —
ווי דער שטורעם־ווינט ברעכט דעם אַלטן בוים אין וואַלד:
איז געלעגן ר׳ משה אין בעט, גלייך און איינגעטריקנט:

פראַסטיקע ווינטער־נעכט האָבן געקילט זיינע אברים,
און פאַר זיינע פיבערדיקע בליקן האָבן זיך פארבייגעצויגן
אָרעמע שטיבלעך, פענצטערלעך, מיט פאַרטרערטע קינדער־פּנימלעך...

לעבן זיין בעט זיינען געזעסן אָרעמע וואַנדערער פון מרחקים,
און פאַר אים תפילות געשיקט צום הימל,
אָרעמע מאַמעס — זיינען ביי זיין שוועל געשטאַנען
מיט די פאַרטעכער זיך די אויגן געווישט,
געלעכצט צו הערן פון זיין ווייבס מויל אַ בשורה טובה...
נאָר די פראַסטיקע נעכט האָבן געקילט זיינע געליימטע אברים,
און די ביינאַכטיקע שניי־זאַווערוכעס האָבן זיך געטראָגן
מיט אַ געוויין איבער זיין פאַרשנייטן דעכל —
געוויגט זיין פיבערדיק האַרץ אויף די פליגל פון שניי־שטורעם...

ווען זיין נשמה האָט זיך אַ געלויטערטע דערהויבן צום הימל —
האָבן זיך אין די פאַרפרוירענע שויבן צוויי שטערנדלעך אָנגעצונדן:
צוויי קליינע ליכטלעך — געפלעמלט צוקאַפּנס פון מת — משה,
און אַרויסגעפלעמלט מיט טרויער אין דער ווייסער נאַכט אַריין:
אַ פאַרבאָרגענער צדיק איז אַוועק פון דער וועלט...
איבער דער ווייסער שטילקייט האָט אַ טרויער זיך געזילבערט:
ברוך דין אמת.

## אין יידישע גיטער

געווען זיינען רייכע די יידישע גיטער
מיט פעלדער און וועלדער,
מיט זומפּן און טייכן,
מיט שטאַלן און סטיינעס —
פאַר פערד און פאַר זשרעבקעס,
מיט קי און מיט קעלבער,
מיט שפּייכלערס פאַרפולטע,
מיט קעלערס געשטאָפּטע, מיט קרויט און קאַרטאָפליעס,
מיט האָניק מיט ווײַן און מיט מילך;

מיט היי־סטויגן שפּיציק, וואָס שטאַרצן צום הימל
דורך רעגן־נעכט ווינטן און האַגלען,
דורך שניי־זאַווערוכעס —
וואָס קעמען די קודלעס פון וועלדער צעשויבערטע, אַלטע,
פאַרדעקן די דאָרפישע הייזעלעך, ריינע,
וואָס קוקן מיט פענצטערלעך קליינע, פאַרחלומט
אַרויס צו די דאָרפישע וועגן.

און יונגען ווי ריזן באַמוסקלט —
וואָס אַקערן, זייען און שניידן מיט פרייד און געזאַנגען!
און מלוטשען און פוצן די סטיינעס,
און צירן די פערדישע צעפּלעך
מיט סטענגעס און מעשלעך און טראַלדזן —
פאַר יידישע שמחות פון רו־טאָג.
און קינדלעך, זיך מערן —
שטאַרקן זיך, וואַקסן,
וואַקסן און יערן.

קומט אָוונט:
די זון איז פאַרגאַנגען,
עס רייטלט זיך אָפּ שוין דער מערב,
עס טונקלען די פעלדער און ביימער;
עס רופן די גלאָקן צוריק פון די פליינען —
ס'איז רו־צייט!

פאַרפולט ווערן שטובן מיט יאַטן, פאַרברוינטע,
מיט ווייבער און קינדער,
מיט בויגזאַמע טעכטער ווי ווערבעס,
מיט גלידער וואָס רייפן,
מיט יונגען ווי דעמבעס צעוואַקסן,
מיט ליכטיקע אויגן וואָס זינגען!

מיט יונגען וואָס וואַקסן אַרויף צו די סטעליעס,
מיט גריוועס ווי זאַנגען, ווי פלאַקסן וואָס יערן —
אויף לאָנקעס און פליינען פון יידישע גיטער!
יונגען מיט ביינערנע קערפערס,
מיט גלוסטונג צו פראַצע פון אויפגאַנג ביז אָוונט.

טאָגט אויף נאָר דער דאָרפישער הימל
מיט רויטקייט פון פרילינג,
פאַלט ליכטיקייט גאָלדיק אויף שויבן
פון דאָרפישע פענצטער:

גייט אויף אַ געזאַנג פון די פעלדער
מיט ווייען פון פרישן געבערן, —
מען הערט שוין דאָס הירזשען פון פערד אין די סטיינעס—
וואָס רייסן זיך אָפּ פון די קייטן —
אַרוים צו די לאָנקעס און טייכן,
וואָס קלאָרן און פלאַפּלען מיט פרילינג;

עס מואוקען די קי אין די שטאַלן,
עס גוגען די גענדז און די קאַטשקעס
מיט בענקשאַפט אַרוים צו די לאָנקעס,
וואָס נעמען שוין יערן און שפּראָצן,
און בערדיקע טאַטעס זיך גרייטן מיט רידלעס, מיט אַקערס
— צו גראָבן, צו זייען און פלאַנצן.

און פאַסטעכער טרייבן די סטאַדעס
און פייפלען ניגונים אַרוים צו די פליינען
וואָס פייכטן און וואַרטן;

עס טאַנצן די קעלבער אַקעגן די הימלען צעשטראַלטע,
וואָס בלענדן מיט פרישקייט
און קושן די גרעזלעך וואָס גרינען און שפּראָצן!
עס קומען אַן ווינטלעך מיט מאַמעשן גלעטן —
מיט ציטער פון אויפבלי;

עס גיסן די הימלען מיט ליכט
אויף לאַנקעס און טייכן,
אויף שטיבלעך און פּלויטן.
און וואו נאָר דו ווענדסט דיינע אויגן —
דאָרט שניידן זיך איין שוין די אַקערס אין גרודעס —
און ערד ליגט אַ גרייטע —
מיט הייליק באַגערן;

עס שנאָרכען די פערדלעך און הירזשען:
„די ערד וועט געבערן!
די ערד וועט געבערן!"

קומט אַ גאַסט פון שטאָט אין דאָרף אריין —
פירן אים די יידן, יונגע באַבערדטע,
איבער פליינען, זאַגאַנעס פאַרזייטע,
איבער זאַנגען-פעלדער ווייט באַשאָטן,
איבער ווילדער גרין צעשויבערטע
אין דער ערד אריין פאַרקנאָטן;
ס'לייכטן זייערע אויגן:
— זעט, רב קרוב, גיטער!

שפּאַנען זיי מיט געזונטע טראָטן, פריש און מונטער —
צו די סטיינעס, שטעלער.
וויגן זיך די זאַנגען זון-באַגאָסן
העל און העלער!
שפּאַנען זיי — מיט וואונדער אויף די ליפּן,
די אויגן פול מיט הייליק פייער;
ביז די זון גייט אונטער,
ביז די זון גייט אונטער —
און צעפלאַקערט איבער פעלד און שייער.

## יידן שפּאַנען זוכן פּרנסה

די פעלדער ווייס און ריין,
עס זינגט דער שניי אונטער די טריט —
„סקריפּ, סקריפּ, סקריפּ;
די ביימער — אַ ווייסער געפלעכט,
די זון ליכטיקט און שטעכט:

רובינען שימערן פון דער ווייסקייט,
גלאָז־וואַזאַנען פינקלען פון די טאָפּאָלן,
אוצרות לייכטן איבער די וועגן,
פאַרוועיעט אַלע שטעגן.

שפּאַנט פאָראויס אַ זילבער־מענטש,
באַהאַנגען מיט אייז־שטעקעלעך,
די רויטע באָרד איז אויסגעצירט
מיט קרישטאָלענע באַרן־גלעקלעך;
דימענטלעך גלימצערן פון זיינע ברעמען,
די שטיוול ווי גלעזערנע באָקאַלן —
בלענדן און שטראַלן דער זון אַקעגן!

היי, היי, היי —
עס זינגט דער קלאָרער שניי
אונטער די טריט —
סקריפּ, סקריפּ, סקריפּ.

פון אַ זייטן־וועג גליטשט זיך אַ שליטל,
די דינע פערדישע פיסלעך רייסן שטיקער שניי,
צעשפּריצן ווייסע שניי־שטויבן:
ס׳פאַלן זילבער־טרויבן
איבער ווייסע וועגן!

— העי, פערדעלעך,
מיט די זילבערנע בערדעלעך —
וואוהין שליטלט איר?!

און די פערדלעך אין ווייסן ציר —
שפּיצן די אויערן שטייף און האָרכן,
די נאָזדרעס שנאָרכן,
ס'פּעל גלאַנצט מיט קלאָרער פרייד,
מיט פרייד און זאַטקייט!
מיט דער שפע פון האָבער און היי!
מיט פרייד פון ווייסן שניי!

און דער שליטן פליט, פליט,
ציט זיך מיט —
צו דער קלאָרער ווייסער ווייסקייט,
צו דער רחבותדיקער שיינקייט,
וואָס מיניעט און בלענדט:
די פּראַסטיקע זון ברענט,
גליט איבער די פאַרשנייטע וועלדער;
ווייסע חלומות שוועבן איבער פעלדער,
וויים, וויים;

וואו-נישט-וואו חלומט אַ כאַטקעלע,
אויפן קאָפּ מיט אַ ווייסן קאַלפּיקל.

שטיל, שטיל: עס שלאָפט דער וואַלד,
אַ שניי-דרימל הענגט איבער די צווייגן,
אַ ווייסע שטילקייט הענגט איבער די ביימער:
— העי, וואַלד-שומר —
האָרך, האָרך —
יידן ווילן האָלץ קויפן!

אַ ווינטל גיט אַ שאָרך,
פאַרשלאָפנקייט כאַפּט זיך אויף,
זילבער-פלאַטערלעך פאַלן פון די צווייגן,
עס שימערט אַ דימענט-געפלידער:
ווייסע וואוּאַלן פלאַטערן איבער מיידל-גלידער,

ווייסע נימפן טאַנצן אַ כלה־טאַנץ!
ווייסקייט קושט זייערע באָרוועסע פיס־גלאַנץ,
די שטילקייט בלענדט די מיידל־טריט!

שטיל, שטיל.
אַ טשאַטע קראַען האָבן די שטילקייט צעשפּאָלטן:
„קראַ, קראַ!"
און ווידער — שטיל, שאַ:
יידן וואַגלען פּרנסה זוכן.
— — — — — — — — —

פאַרנאַכט:
עס שמעקט די שטוב מיט וואַלד־ריחות,
דעם טאַטנס פּנים גליט,
די רויטע באָרד ברענט,
אַ גאָלדן שימער פאַלט איבער די ווענט —

דער לאָמפּ פלעמלט אויפן טיש,
די מאַמע קוועלט ביים קאָך־אויוון,
דער ריח איז וואַרעם און פריש,
עס שמעקט די וועטשערע פון הינער־שמאַלץ,
דער טיש איז געגרייט מיט ברויט און זאַלץ.

# דורות

(פּאָעמע)

דורות קומען, דורות גייען,
צייטן לויפן, ס׳פליען יאָרן,
און עס בלייבן נאָר פון מענטשן
אויף מצבות בלייכע שפורן.

ביי דער „בזורע״ שטייט אַ פּאַלאַץ,
פון גאָר אַלטע, אַלטע צייטן,
איז דער פּאַלאַץ ווילד באַבוימערט,
איינגעהילט אין סודות, שטומע.

קוים אַ וויאָרסט נאָר פון דעם פּאַלאַץ,
שטייט אַ כאַטקע איינגעבויגן —
דאָרטן האָט געלעבט זיך מאַשקע
מיט זיין ווייב און שיינער טאָכטער.

שרה — האָט מען איר גערופן;
יונג און בליענד ווי דער פרילינג,
ווי די זון ביים פריען אויפגיין
און ביים אונטערגאַנג אין אָוונט.

אירע שוואַרצע אויגן גליען
איינגעראַמט אין שוואַרצע ברעמען,
און זיי לייכטן פרום מיט בענקשאַפט
פון איר ווייסן, צאַרטן פּנים.

אַ געבלימלט גראַנאַט-קליידל
הילט אַרום איר שלאַנקן קערפּער,
אויף איר שיין-געטאָקטן בוזעם —
הענגען פרישע, יונגע בלומען.

אירע שוואַרצע צעפּ — זיך וועלבן
ווי דער גלעד־באַרג אַרונטער;
זיי דערמאָנען שטאָלץ מיט צניעות —
פון יהודהס אַדל־טעכטער.

איינע איז זי פון די שענסטע,
פון דעם גאַנצן רייכן ישוב,
און דער יאַשניע וויעלמאָזשנע —
זוכט איר ליבשאַפט צו געווינען.

— — — — — — — —

איינמאָל, פרייטיק בין השמשות,
שיקט דער פּריץ רופן שׂרהן
צו זיך, אין זיין רויזן־גאָרטן —
איר מיט ליבשאַפט צו געווינען:

„שׂרה! — רעדט ער צו איר שיכור —
לאָז מיך פון דיין אָטעם טרינקען,
דיינע רויטע נעקטאַר־ליפּן —
לאָז מיך קושן איצט, אָ, לאָז מיך!

„רוף נישט קיינעם, רוף נישט שׂרה:
ווער וועט קומען אויף דיין רופן? —
אַז דיין שטימע קלינגט אין לופטן
ווי דער קוקוק־כאָר אין וואַלד דאָרט!"

— איך וועל ליבן נאָר אַ יידן —
ענטפערט זי אים שטאָלץ און רואיק —

דער וואָס שטאַמט פון מיינע אָבות:
פון אברהם, יצחק, יעקב!

— — — — — — — —

יענעם פרייטיק, בין השמשות,
איז די זון פאַרגאַנגען פלאַמיק,
פול מיט פורפור־גלאַנץ אין הימל,
און פאַרלאָשן זיך מיט אומעט.

אַנגעצונדן און צעפינקלט
האָבן זיך די בלויע שטערן,
מיט אַ שטילן שבת־זמר
איבער פעלדער זיך געטראָגן.

אין דעם שטיבל דאָרט ביי מאָשקען —
לייכטן העל די שבת־ליכטלעך,
אויפן וויים־געדעקטן טיש אויך
שימערירט דער קידוש־בעכער.

מאָשקעס ווייבל — פרום און זויבער —
האַלט די הענט אַרום איר פּנים,
בענטשט די ליכטלעך, מיט אַ ברכה:
— געלויבט איז גאָט דיין גרויסער נאָמען!

יעדער ווינקל שיינט מיט שבת,
מאָשקע דאַוונט מיט אַ ניגון:
„לכה דודי לקראת כלה!"
איבער לאַנקעס שוועבט זיין תּפילה.

„אמן, אמן!" — ענטפערט טרויעריק
אַפּ די נאַכטיגאַל אין דרויסן,
און די ביימער פאַרן פענצטער
רוישן אומעטיק: „גוט שבת!"

פלוצלונג ציטערט אויף די מוטער —
דורכן פענצטער רופט זי: „שרה!"
„שרה! שרה!" — שרייט אויך מאָשקע,
שרה! — ענטפערט קאַלט דער עכאָ.

— — — — — — — —

יענעם פרייטיק האָט מען שרהן
איינגעשלאָסן ביי דעם פריץ,
יענעם פרייטיק האָט מען שרהן
ווי אַ שטילע טויב געפאַנגען.

— — — — — — — —

ווען עס איז דער מאָרגנשטערן
איבער פעלדער אויפגעגאַנגען,
איז די צנועה בלייך געשטאַנען
צו דער ברוסט דעם קאָפּ געזונקען —

און איר קול האָט שטאָלץ געקלונגען —
נישט פאַרשעמט, נאָר פול מיט טרערן —
טרערן ריינע ווי בריליאַנטן,
פאַלן ווען זי רופט, דערצאָרנט:

„ניין, מיין גלויבן, מיין אמונה —
וועט נישט קיינער ביי מיר רויבן!
שטאַרבן קאָן איך פאַר מיין אומה!
אויך מיין אומשולד קאָן איך שיצן!"

— — — — — — — —

שרה וואָגלט ווי פאַרצווייפלט
פון איין צימער אין דעם צווייטן,
פון דער וואַנט, ווי לויטער זילבער
פינקלט איר די שפּיז אַקעגן.

מיט אַ תּפֿילה אויף די ליפּן
שטעכט זי זיך דעם שפּיז אין האַרצן:
„שמע־יש־ר־אל, שמע יש־ר־אל" —
מורמלט שטיל, מיט איר די שטילקייט.

מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן
רואיק איז זי איינגעשלאָפֿן:
ווי אַ ווייסער, צאַרטער מלאך —
אירע אויגן צוגעשלאָסן...

— — — — — — — —

יעדן פֿרייטיק, קומט נאָר האַלב־נאַכט —
שוועבט אַרום דאָרט שרהס שאָטן,
אין דעם אַלטן, אַלטן פּאַלאַץ,
און אַ עכאָ וועקט די שטילקייט:

„ניין — מיין גלויבן, מיין אמונה,
וועט ניט קיינער ביי מיר רויבן!
שטאַרבן קאָן איך פֿאַר מיין אומה —
אויך מיין ריינקייט קאָן איך שיצן!"

יעדן פֿרייטיק, קומט נאָר האַלב־נאַכט —
ווערט דער הימל דאָרט פֿאַרוואָלקנט,
איינגעהילט אין טיפֿן נעפּל
שוועבט פֿאַרביי דאָרט שרהס שאָטן.

יעדן פֿרייטיק, קומט נאָר האַלב־נאַכט —
קניט דער שומר פֿאַרן פּאַלאַץ:
פּרעפּלט תּפֿילות פֿאַר די טויטע,
און דער הונט — ער וואָיעט טרויעריק.

## ר׳ גאָדל

**(פּאָעמע)**

### איבער דער בזורע

די זון האָט זיך אַרויסגערוקט אין מזרח,
זיך צעשאָטן מיט פייערדיקע שפּיזן
אין אַ רונדיקן קרייז,
און זיך אַראָפּגעלאָזט איבער דער בזורע.
אויפגעוואַכט האָט דער טייך
פון זיינע לבנהדיקע נאַכט-טרוימען,
און אָפּגעשפּיגלט דעם קלאָרן הימל.
דורכזיכטיקע רויכלעך
האָבן זיך צעפלאַטערט איבער די גרינע לאָנקעס
און איבער די זון-בלימלעך.
אויפגעשימערט האָט אַלץ מיט ליכט
און געזונגען צו דעם נאָך דרימלענדיקן, פון אַרום.
די אַרויסשטאַרצנדיקע קלויסטער-שפּיצן,
און די טאָפּאָלן, אַרום די ווייסע שאָסייען,
האָבן אויפגעלויכטן און געזונגען אַ לויב
צו דער שוואַנגערדיקער ערד!

### דער סעדערניק

ר׳ גאָדל

האָט אַ צעפּראַל-געטאָן די טיר פון סאָד-קאַמער,
אַ כוואַליע ליכט האָט אַ פּאַרפּלייץ געטאָן די פינצטערניש.
די שוואַרצע ברעטער האָבן זיך צעשרפהט,
געבלענדיקט דער גאָרטן מיט ליכט-שטרייפן.
די ראָסע ליגט נאָך קלאָר איבערן גראָז,
די ביימער, מיט אַראָפּהענגענדיקע פּירות
ליכטיקן אונטער דער זון,

פרישע ריחות, פון די גרין־צעבלעטערטע צווייגן,
דעמפן זיך אונטער דער אויפגייענדיקער ווארעמקייט,
טוי־טראָפּנס פינקלען איבער די צעפּעכערטע גרינע בייטן.
די פּירות דרימלען נאָך.
בלעטערדיקע קאַרטאָפל־בייטן, מיט בליטן־קעפּלעך
וויגן זיך אונטערן שאָטן פון דיביימער.
ס׳קריכן די עופות אַרום
מיט שטיקלעך זון־שימער איבער די בלישטשענדיקע פעדערן.
דער לאָמער בושל זיצט אין היי־קויבער, אונטערן באַרן־בוים.
גרינע טירקיסן הענגען פון די צווייגן.
אונטער דער פרימאָרגן־פרישקייט אָטעמט זוניק דער גאָרטן.



## רבקה

רבקה — אַן אויסגערוטע, אַרומגעוואַשענע —
קוקט זיך אַרום מיט דאַנקבאַרקייט איבערן גאָרטן.
עס גליט איר רחבות פון די צווייגן.
מיט האַרציקע תפילות באַגעגנט זי דעם טאָג,
זי דאַנקט דעם באַשעפער פאַר דער גערעטעניש,
איר האַרץ צעעפנט זיך, ווי די רויטע בלומען ביי די סאַד־ראַנדן.
די עופות זיינען הונגעריק, זיי ציִען די קעפּלעך צו איר
און קוואַקען.
שליידערט זי פאַר זיי פולע זשמעניעס הירזשלעך,
איר האַרץ קוועלט, איר ליבע גליט צו גאָטס באַשעפענישן:
אַזוי פלעגן זיך אַמאָל פאַרזאַמלען קליינוואַרג אַרום איר.
היינט: איז זי אַלט און איינזאַם;
אויסגעוואַקסן זיינען אירע יונגען און מוידן,
און פאַרלאָזן אירע ביימער,
פאַרלאָזן אירע זומערן, און אירע שמחות.
אַ זיפץ האָט די ביימער אַרומגענומען
און זיך צעקושט מיט די פּירות:
— אוי, קינדער מיינע!

## דער סאָד רייפט

דער סאָד רייפט, פון רייפקייט פּלאַצן די פּירות.
ר׳ גאָדל קלעטערט אויף די ביימער,
דער קויבער וויגט זיך, אויף אַ צווייג.
פּירות אויסגעבאָדן אין טוי,
אויסגעקושט פון דער זון פאַלן, פאַלן.
די זון פרעגלט די ביימער־שפּיצן,
אין גאָלדענעם רו־מאַנטל רוט דער טאָג ביי די סאַד־ראַנדן.
די רויטע וויינפּערלעך דרימלען,
די ביימער, ווי שוואַנגערדיקע פרויען־לייבער —
פרייכן און ציטערן.

דער בושל אין קויבער, קוקט צום הימל ארויף
דורך די גרינע צווייגן,
זיינע אויגן — פייכטן, זיינע פעדערן — בענקען.
אזוי בענקט אַ שוואַן נאָך זיין פאַרלאָרענעם וואונדער־לאַנד.

## פ אַ ר נ אַ כ ט

— פאַרנאַכט
די זון האָט איר לעצטן בליאַסק איבערן סאָד צעהאַנגען.
די פירות דרימלען שוין, די בלעטער שלאָפן איין.
ר׳ גאָדל צעגראַבט מיטן שפּאַדל די ראַנדן פון סאָד:
די ערד צעעפנט איר שוואַרץ זאַפטיק האַרץ,
און שליידערט ווייסע מילך־שלענגלעך —
פאַרן פיש־פאַנג.
די זון ציט זיך צום מערב,
אַ פייער־קנויל פאַרלעשט זיך אונטער די וואַלד־שפּיצן.
מיט סודותדיקער שטילקייט נידערט די נאַכט
איבער פעלדער און גערטנער.
טייכן און לאַנקעס, כאַטעס און שייערן שלאָפן איין.
מיט נאַכט־מידקייט קלויבט זיך רבקה אין קאַמער אריין,
מיט האָפענונג און דאַנקבאַרקייט
מורמלען אירע ליפּן אַ תפילה.
די שטערנדלעך פינקלען שוין איבערן הימל.
דער אַלטער רויכערט אויפן באַנק, לעבן קאַמער,
חלומט פון גערעטעניש. שאָטנדלעך פאַלן.
איבער אים — נאַכט: הימלען און שטערנדלעך,
לופטלדיק, חלומדיק. ס׳לולקעלע רויכערט פונקנדיק,
די ריחות פאַרשלעפערן, די אויגן קלעפּן זיך.
— ג־אָ־דל! —
מידע קריכן זיינע פיס, די רויך־קנוילן פון לולקעלע
ציען זיך אין דער לופטן,
בלייבן הענגען איבערן פאַרשלאָפענעם קאַמער־טירל:
— אַ גוטע נאַכט!

## פרימאָרגן־פרייד

לוסטיק איז דער הונט אַרויס פון דער נאָרע
און טאַנצט אַקעגן דער זון.
די הענער, געזעטיקטע, יאָגן זיך נאָך די הינער.
מיט פרישקייט פריידיקן די הימלען,
די זון גלאַנצט איבערן סמאָלע־דעכל פון דער קאַמער,
אירע גאָלדענע פיסלעך הענגען אַראָפּ פון דעכל.
רויכלעך שנירלען זיך פון קעכל אַרויס
און ציען זיך אין דער קלאָרער לופט אַריין.
רבקה — אַ צופרידענע, שמייכלט ביים אויווועלע.
פון איר קרעטאָנענעם יעקל אַראָפּ
ליכטיקן די גאָלדענע פעלד־בלימלעך און בעז־קווייטלעך.
פאַרוויגט איז דער סאָד מיט פעלד־פרישקייט און מיענטע־ריחות,
ס׳רייפן קאַרשן, פלוימען און אַגרעסן.
דער בושל, אונטערן באַרן־בוים, צעשפרייט די פליגל
און צעגראַגערט זיך מיט פרייד.
פון פישפאַנג שפאַנט ר׳ גאָדל דעם סאָד אַקעגן,
די ווענטקע איבערן אַקסל, דאָס שקאַפיקל אין האַנט,
דאָס וואַסער זילבערט, די פישלעך גאָלדיקן און קוועלן,
די זון שפיגלט זיך אין שקאַפיקלס קלאָרן וואַסער.
דער אַלטער טרעט דעם ווייסן שאָסיי־שטויב,
הונגעריק פראַכן זיינע נאָז־לעכער.
דער הונט טאַנצט אים אַקעגן:
— אַ גוט מאָרגן!
די ביימער ליכטיקן מיט פרימאָרגן־פרייד.
שטעלט זיך דער אַלטער לעבן קויבער אַוועק,
ציט אַרויס אַ פישל פון קלאָרן וואַסער,
דערהייבט עס איבערן בושל.
ציט דער בושל זיין ווייסן האַלדז אויס,
זיינע אויגן פייערן ווי אַפּאַלן:
די פעדערן גלאַנצן איבערן ווייסן בושל־גווידער.
רבקה — כאַפּט אים אָן פאַרן האַנט:
— אַ צער, בנאמנות!

רויטלען זיך ביים אַלטן די באַקן ווי ווינטער־עפּל
און ער זאָגט:
— יעדעס באַשעפעניש מוז לעבן,
אַזוי איז זיין רצון.
ער דערלאַנגט איר דאָס שקאַפּיקל,
די פּישלעך שווימען אין קלאָרקייט.
ביידע זעצן זיך אויפן גראָז
צום אָנבייסן. די פּנימער ליכטיקן,
אונטערן רחבות פון דער שטראַלנדיקער זון.

אַזוי זיינען ליכטיקע טעג אויפגעגאַנגען איבערן סאַד,
גאָלדענע טעג האָבן זיך איבער דיביימער אָנגעצונדן,
געוויגט האָט זיך דער הימל אין דער הויך
איבערן סעדערניק מיט זיין ווייב
און זייערע אָדערן און קינדערס אָדערן
מיט כוחותדיקע זאַפטן אָנגעטרונקען,
ווי זיינע ביימער און זיינע פעלדער
פון אַרום.

### מען פּליקט דאָס אויבסט

מען פּליקט דאָס אויבס.
רבקה זיצט לעבן קאַמער,
אַרום איר — פויזען קויבערס מיט באַרן,
די זוניקע נאָכמיטאָג־לופט כוואַליעט איבער אירע פּלייצעס.
מיד זיינען די פינגער פון אַרומרייניקן די בלעטער.
פולע קויבערס וואַרטן, פאַרכליניעטע פון זון־שרפה.
די באַרן — גאָלד.
די בלעטלעך שמעקן מיט גרינקייט און וואַלד־ריחות.
די זון באַקט.
פון זאַטיקע צעוואַרעמטקייט פאַלן צו אירע אויגן.
אַלץ אַרום בלענדט, רייפט מיט שפע און ברכה.

„די גוטהאַרציקע רבקה!"
פאַרבייווּאַנדערנדיקע בעטלער, רוען אונטער אירע צווייגן
און געניסן פון איר גוטסקייט.
רוט אַ בעטלער אויפן באַנק לעבן איר:
זיין פּנים איז זון־פאַרסמאַליעט, קופּער־פאַרביק,
פאַרשטויבט מיטן זילבער־שטויב פון די פּוילישע שאָסייען,
זיין קאָפּ איז נאַקעט פון אַלטקייט,
אייניקע ווייסע האָר־קרייזלעך
הענגען אים איבערן קאַרק אַראָפּ, ווי געפלאָכטענע שנירלעך.
דאָס יעזוסל, אויפן שטריקל
הענגט געקרייציקט צווישן די האָר פון זיין אָפענעם האַרץ־ברעם.
לעבן די נאַקעטע פיס רוט דער שטעקן.

אויסגעוואַנדערט הונדערטער מיילן —
דרימלט זיך מיד אים.
ער קייעט אויף די פאַדערשטע חורבות
דאָס אויסגעטריקנטע בעטל־ברויט,
פאַרבייסט מיט באַרנעס וואָס רבקה האָט אים געשאַנקען.
רינגט דער זאַפט איבער די פאַרדאַרטע ליפּן,
דערפרישט דעם טרוקענעם גומען,
קוקט ער אויף איר מיט אויגן פאַרטרערטע
און דאַנקט איר און בענטשט איר:
— גוטהאַרציקע יידישקע!

אין גאָרטן איז שטיל,
עס וועבט זיך אַ זוניקער נאָכמיטאָג־טרוים
איבער די בלעטער, אַלץ חלומט,
אַלץ איז אַדורכגעגליט מיט אַ זים־ריחותדיקער שטילקייט.
דער סעדערניק קריכט צווישן דיביימער,
דאָס גראָז קילט אין שאָטן,
זיין פּנים גלאַנצט מיט זון און בלוט־רויטקייט,
דאָס ווייסע העמד — צעכראַסטעט,
די האָריקע ברוסט פאַרעט זיך,

אָטעמט איין דעם אַדורכגעגליטן אַראָמאַט;
לעבן אים פֿאַלן שאָטנס פֿון אַראָפּהענגענדיקע צווייגן,
שפּיגלען זיך די קאָנטורן.
די קאַשיקעס פֿריידיקן האָפּערדיקע,
די בארן פֿאַלן, וואַגיקע, פּויקן איבערן גראָז־טעפּיך;
דער בושל הינקט אים נאָך,
דערהויבט זיין קאָפּ, ציט אויס זיין לאַנגן ווייסן האַלדז,
קוקט צו די פֿאַרשלאָפֿענע וואָלקנדלעך
וואָס שווימען ווייט איבערן הימל.

דער אַלטער האָט צווישן די גראָזן אַ זשאַבעלע געפֿונען,
טראָגט ער דאָס ביי די הינטערשטע פֿיסלעך.
דאָס זשאַבעלע דריגעט
די פֿיסלעך — צאַפּלען,
זיין קערפּערל בלאָזט זיך,
זיינע אויגן רויטלען, ווערן גרעסער.
דער בושל ציט זיך צו אים,
זיין קערפּער פֿיבערט ער גיט אַ שפּרונג:
די ווייסע דינע האַלדז־פֿעדערלעך
ווערן ביי אים שטייף און ציטערן,
בלאָזן זיך און ווערן אויפֿגעבלאָזן...
שאַ, שטיל. די פּירות פֿאַלן דאָ און דאָרט —
אַ פֿאַל — אַ ריטמישער פּויק —
„פּאַק". דער גאָרטן שלאָפֿט.
דער סעדערניק קלייבט די פּירות פֿון גראָז אַרויס,
די בארן ליכטיקן פֿון זיינע פֿינגער אַרויס!
צערייטלט פֿון גליק, ווי אַן אָריענטאַלער —
טראָגט ער אויף די אַקסלען פֿולע קויבערס
צום קאַמער אַוועק!

רבקה — איינגעדרימלט — כאַפּט זיך אויף.
אייניקע בארן, וואָס זיינען איינגעשלאָפֿן
צווישן אירע פֿינגער — זיינען דערשראָקענע
אַריינגעפֿאַלן אין קויבער אַריין,
זיך צוגעטוליעט צו די אַנדערע פּירות.

— שלאָפסט ? רבקה ? —
— ניין, איך האָב נאָר איינגעדזשימדזשעט !
די זון באַקט, עס וועט רעגענען.
אירע ווערטער פאַלן ווי די מידע פירות פון די צווייגן.
ר' גאָדל דערהייבט דעם ווייסן קאָפּ,
פאַרשטעלט זיך די אויגן מיט די פאַרהאָרעוועטע הענט :
— ס'וועט רעגענען ! —
אייניקע כמארעס ציען זיך פון דרום,
ווי אָנגעטרונקענע שעפסן פון א טייך.

דער בעטלער איז פאַרשוואונדן,
די צייכנס פון זיין שטעקן און פון זיינע פאַרקרימטע פיס
שלאָפן נאָך איבערן געלן זאַמד.
דער בושל טוליעט זיך צו רבקהן :
זי פאַרריכט אים דאָס שטיקל לייוונט איבערן פיסל :
— ווער ווייסט, אָבער דאָס וועט קאָנען
אוועקפליען אַמאָל ? ווער ווייסט ?
דער סעדערניק שמייכלט : —
— עס וועט קומען די צייט,
וועט ער אויסשפרייטן זיינע פליגל,
דערהייבן זיך ווי א וויכער, איבער דער בזורע
און פליען ! פליען, הויך און ווייט !
גאָט זאָרגט פאַר אַלעמען און היילט אַלץ
וואָס לעבט איבער זיין ערד !
און שפאַנט מיט די ליידיקע קויבערס
צווישן די שאָטנדיקע ביימער אוועק :
— גאָט זאָרגט !

## פרייטיק פאַרנאַכט

פרייטיק פאַרנאַכט.
די ביימער, א דורכגעגליטע פון טאָג-היץ,
האָבן אונטער די פאַרנאַכט-ווינטלעך אָפּגעאָטעמט,
פריש און גרין אויסגעשפּיצט די צווייגן.

די עפּל רויטלען זיך,
באַגאָסענע פון די לעצטע זון-שטרייפן.
אַ מילדער פיאָלעט-שימער גלעט דעם גאָרטן.
די פלוימען הילן זיך אין טוי-העמדלעך,
און בייכלען זיך אונטער די בלעטער פון די צווייגן.
יעדער בלאַט האָט געעפנט זיין הארץ און אָטעמט מיט ריחות,
דופטן דעמפן זיך און שפרייטן זיך איבערן סאָד.
פון קאַמער ארויס טראָגן זיך שבת-ריחות —
פון פיש און מערן-צימעס, און פרישע קיכלעך.
די קאַמער איז צוגעראַמט, די ערד — מיט ווייסן זאַמד באַשפּרינקלט,
דער טיש מיט אַ ווייסן צוועיל באַדעקט.
רבקה —
ס׳העמד אַראָפּגעצויגן איבער די בריסטן —
שטייט איבער אַ שיסל וואַסער און וואַשט זיך ס׳לייב,
לכבוד שבת.
ר׳ גאַדל העלפט איר אָרומוואַשן,
זיינע נאָזלעכער צעשפּרייטן זיך,
זיינע אויגן לייכטן אויף מיט זכרונות:
אַמאָל, אַמאָל! אוי טאַטע זיסער!
דיביימער וויגן זיך מיט דערוואַרטונג,
אויף נאַכט און אויף לבנהדיקער אויפלייכטונג.
פייערלעך צעזשאַרען זיך אין רבקהס האַרץ,
פונקען פון איבערלעבונקער רויטלען זיך,
ליכטיקע דערינערונגען, צעבליען זיך
אין אירע צניעותדיקע אָדערן,
ווי אַ הייליקע גרייט זי זיך:
די מלכה שבת קומט!

אַ רואיקייט נידערט איבער דער קאַמער.
די נאַכט-כראַבאַנדזשעס זשומען צווישן די ביימער.
אַ פירל שלעפּט זיך איבערן פוסטן שאָסיי,
דאָס פערדל טאָפּטשעט שלעפּערדיק:
„טיפּ-טאָפּ, טיפּ-טאָפּ".

פון דער בזורע טראָגט זיך דאָס געקוואַקער
פון די זשאַבעס.
שטערן צינדן זיך איבערן הימל,
ערגעץ האָט אַ שטערן אַ שאָס געטאָן
און ווי אַ בליץ זיך פאַרלאָשן.
אַ פאַרביילויפנדיקער שנעלצוג פייפט און מרוטשעט,
ווי אַ פליענדיקער וויכער, צערייסט ער די שטילקייט,
לויפנדיק צו דער ווייטער וועלט.
און שאַ, שטיל.
אַ שטילע, שטילע רואיקייט נעמט דעם סאַד אַרום,
וויגט אים און וויגט זיך אַריין אין אים.
מיט אויסגעשטרעקטע, בעטנדיקע הענט קומט די נאַכט.
עס שטראַלט פון קאַמער אַרויס אַ האָפענונג,
וואו דער סעדערניק מיטן ווייב פראַוועט דאָס שבתדיקע נאַכט-מאָלצייט,
באַשטראַלט פון ליכט-שימער איז די קאַמער
גאָלדיק פאַלט דאָס ליכט אויפן ווייס-באַצוועילטן טיש.

## דער סאַד חלומט

עס שיפן זיך וואָכן מיט צעוויכערטע זעגלען.
טעג יאָגן זיך איבערן סאַד מיט מיילנשפּאַן
און זינקען צום אָפּגרונט פון דער פאַרגאַנגענהייט:
תמוז. אב, אלול:
חדשים לויפן, ווי כוואַליעס פון אַ באַרג אַראָפּ.
נאַכט. קיל, ווינטלדיק — אלול:
דער סאַד — איינגעהילט אין קאַלטן לבנה-ליכט חלומט.
אַ קאַלטער פלאַטער-ווינט פליט צווישן די ביימער,
וויגט די צווייגן און וועקט,
די בלעטער ציטערן אונטערן לבנה-ליכט.
קליינע וואָלקנדלעך יאָגן זיך צעטומלטע איבערן הימל,
אַ ווינטיקער וויכער פאָכעט אריבער די ביימער,
די צווייגן ברעכן זיך, עמיץ פלאָנטערט זיך.
ר׳ גאָדל וויקלט זיך איין אין ווינטער-קאַפּטן,
פלאָנטערט, קריכט אַרום אין גאָרטן.

דיביימער שטייען פאַראומערטע,
ווינטיקע כמאַרעס לויפן, שניידן זיך צום מערב-זייט.
אַ פייף און אַ רויש... און שאַ, שטיל.
דער הימל רייניקט זיך,
שטיקלעך צעריסענע כמאַרעס יאָגן זיך, טונקען זיך
און הויבן, ווי טיילן פון צעשמעטערטע שיפן.
אַ קלאָרע שווימט אַרוים די לבנה,
קוקט מיט בענקשאַפט צו דער ערד אַראָפּ.
דער סאָד חלומט. די צווייגן הענגען אומעטיק,
פאַרשלאָפענע ווינטער-עפּל אָטעמען צווישן די בלעטער.
בלויע ליכט-שטרייפן ציען זיך פון בוים צו בוים,
ליכט-פּאַסן פלאַטערן, פלאַטערן:
— טאָג? נאַכט? — ער חלומט: —

פון נעפל אַרויס, צווישן די ביימער —
טויכן אַרויס זיינע קינדערלעך:
קליין, קלענער. קליינע ליבינקע קינדערלעך
טאַנצן אַרום דעם אַלטן נוס-בוים,
די בלעטער צינדן זיך אין בלויקייט!
וואָכעדיקע חלומות ציען זיך פאַר זיינע אויגן:
די קאַרשנביימער בליען גאָר, הילן זיך אין ווייסן צוויט,
פון צווישן די ווייסע צוויטן ליכטיקט אויף רבקהס פּנים!
אירע אויגן שטראַלן פון אויפבליאונג און געבערן.

די קינדער טאַנצן — זינגענדיקע טעג!
לבנהדיקע נעכט!
דאָס האַרץ לעכצט, די בלוטן בענקען.
ער שטרעקט אויס די הענט
צו יאָרן שוין אָפּגעשטאָרבענע,
ער וועקט זיי דורך דער נאַכט-שטילקייט:
אוי, קינדער מיינע! קינדער!
— — — — — — — — — — —
פון צווייטן גאָרטן-עק
האָט אַ גערויש אויפגעוועקט אים פון חלום,

צוויי:

אַ מאַן און אַ ווייבס שאָטן זיינען אין הויכן האַבער־פעלד
אַריין און פאַרשוואונדן...
די זאַנגען וויגן זיך, וויגן,
אַ בלויקייט שימערט איבער די שפּיצן פון די זאַנגען.
אַ פייפל צעכליפּעט זיך, פייפט,
דער צער פון אַן אומעטיק האַרץ בעט,
הייבט זיך צו די שטערן אַרויף:

אַ נאַכט גייט אוים פון אומעט,
אוי וואָס פאַר אַ נאַכט!

דער בושל שטייט לעבן ר' גאָדלען,
דאָס לאַנגע קעפּל צום הימל דערהויבן,
קוקט צו דער שווימענדיקער לבנה,
עפנט דעם שנאָבל, אַרויפצורופן זיין צער צום ליכט.
דער סעדערניק פאַרמאַכט זיך אין קאַמער.
דער בושל בלייבט שטיין ביי דעם טירל,
דאָס לבנה־ליכט טריפט פון זיינע ווייסע פעדערן,
ער פאַרקריכט מיטן שנאָבל אונטערן פליגל,
די פעדערן פאַלן, ציטערן ווי ווייסע בלעטלעך,
ציטערן ביי זיינע דינע פיסלעך:
עמיץ גרייט זיך אין וועג אַריין!

### טעג האָבן זיך אָפּגעריסן

ליכטיקע טעג האָבן זיך פון זומער־גוף אָפּגעריסן,
ווי די עפּל פון צווייג.
די ביימער האָבן פון זיך, מיט פולער הענט
דאָס רחבות אַראָפּגעשליידערט.
פולע טינדלעך אויבסט שטייען פאַרן קאַמער.
רויטע עפּל שמעקן פון די פעסלעך אַרויס,
די זון־אָנגעטרונקענע הויטן
זינגען הארבסט־ניגונים צום סאָד אַרויס.

די אָפּגעשוואָנגערטעביימער
מיט בלעטער האַלב פאַרגעלטע,
שטייען איינגעטונקענע אין בענקשאַפט,
מידע, ווי מאַמעס נאָכן געבערן,
און לעכצן אונטער די לעצטע זומער־אַקאָרדן.

לײדיקע װעגענער שטײען פאַרן גאָרטן —
מע לאָדנט פולע פעסלעך אויבסט
אַרומגעגאַרטלטע מיט שטרוי־רינגען:
זינגענדיקע פּירות
װעלן פאַרשפּרייט ווערן איבער גרויס פּוילן,
מיט זומערדיקע גרינסן
פון ר׳ גאָדלס אַלטן סאַד!

## קילע פרימאָרגנס

קילע, נעפּלדיקע פרימאַרגנס,
פאַרשלאָפענע ביימער מיט אַראָפּגעלאָזטע צווייגן.
פאַרוואָלקנטע הימלען.

די זון רייסט זיך דורך די כמאַרעס.
אַ מאַטער שימער פאַלט איבערן גאָרטן,
די ביימער־שפּיצן גיבן זיך אַ דערצינד,
לייכטן אַ ווייל און פאַרלעשן זיך,
ווי איבער אַ פּנים דער לעצטער קראַנקער שמייכל.

געלע בלעטער פאַלן, פאַלן און פלעכטן זיך
אַרום די ביימער און שלאָפן איין.

געהיימע שאָרכנדיקע ווינטלעך
הוידען זיך איבער די ליידיקע צווייגן.
ביי די סאָד־ראַנדן דאַוונען די מאָן־בעכערלעך,
רויטע פייערדיקע טעלערלעך וויגן זיך
און מורמלען פון אונטערגאַנג:
שי־שי־ש־ש־שי־שיש־ש.

דער סעדערניק, אין אַ ווינטער־קאַפּטן
קריכט אום צווישן די ביימער:
איבער מאַנכע צווייגן גרינען נאָך לעצטע האָפענונגען.
די שטיוול גלאַנצן פון פרייסישן טראָן
און פאַרשפּרייטן האַרבסט־ריחות אין גאָרטן.
ער דערהייבט זיין ווייסן קאָפּ:
טרויעריקע בלעטער וויגן זיך אויפן נוס־בוים,
גרינע ניסלעך פאַלן צו זיינע פיס,
זילבער־טרערן גלאַנצן איבער די גרינע
האַרבסט־העמדלעך.

ער קריכט פון בוים צו בוים, ציילט די ביימער —
זיינע פאַרבליבענע ליכטיקע טעג.

די פעלדער נאַקעטן,
די ווינטן רוקן זיך
מיט זאַווערוכעס אין די ברייטע פאָלעס,
ער זעט זייערע מיילן־שפּרייזן,
ער פילט זייער קאַלטן אָטעם:
באַלד דאַרף מען זיך שיידן מיטן גאָרטן,
באַלד דאַרף מען זיך פאַרקלייבן אין כמורנע טונקעלע שטובן.
ער לייגט צו דעם שטערן צו דער קאָרע פון דעם אַלטן
צעצווייגטן נוס־בוים און זיפצט; אומעטיק
— אומעטיק, גאָטעניו, אומעטיק!

רבקה —
וואַרפט אָפּגעבראָכענע צווייגלעך אין קעכל אריין.
די געלע בלעטער צינדן זיך אין גאָלדיקן;
די רויך־רינגען ציען זיך פון בלעך־קוימענדל,
ציען זיך און פאַלן אויף די נאַקעטע ביימער.
די נאַסע שטיקלעך האָלץ סיקען —
זומען אומהיימלעכע ניגונים:
באַלד וועט מען פאַרלאָשן ווערן,
באַלד וועט מען איינשלאָפן,
באַלד, באַלד, באַלד — — —
ס־ס־ס־ס־ס־ס.

רבקה גראָבט מיטן מאָטיקל די איינגעדאַרטע
קאַרטאָפל־בייטן,
די קשאַקעס ליגן פאַרוועלקטע, צעבראָכענע,
ווי דאָס גראָז איבער האַרבסטיקע קברים.
זי בויגט זיך מיטן גראָבל, צו דער ערד אַראָפּ,
אירע אויסגעהאַרעוועטע הענט קרעמפּן דאָס מאָטיקל,
רייסט דאָס גראָבל אַרוים די לעצטע זומער־גרינסן
פון דער שוואַרצער ערד אַרוים:
קאַרטאָפליעס מיט סאָקן אָנגעטרונקען פון דער ערד
פאַלן צו אירע פיס מיט גנאָד,

זי בייגט זיך און קרעכצט.
— אויסגעלעבט, די כוחות טראָגן נישט מער!
ס׳האַרץ וויינט,
סמאָטיקל גראָבט די קשאַקעס,
די טרערן פאַלן אין די גריבלעך אַריין,
און פאַרזינקען;
עס וויינט די עלטער פון די ביינער אַרוים,
דער צער פון אָפּגעוועלקטע זומערן;
צער פון אויסגעלאָשענע פייערן,
צער פון וועלקן און צעשווימען,
צער פון באַהעפטן זיך מיט דער אייביקייט:

צער: —
אויסגעלעבט —
דער קאָפּ וואַקלט זיך
די ליפּן ציטערן,
די קניען בייגן זיך,
און דאָס האַרץ בענקט און וויינט.
די רויטע מאָן־בעכערלעך וויגן זיך ביי די סאָד־ראַנדן,
וויגן זיך, וויגן זיך — טראָגן האַרבסטיקע בענקשאַפטן
דעם פאַראומערטן טאָג אַקעגן.
ס׳איז האַרבסטיק און אומעטיק!

— רבקה! רבקה!
דעם סעדערניקס רופן ציטערט
פון אונטער די נאקעטע ביימער אפער:
זע! — הילכט זיין קול: —
דער בושל איז אוועקגעפלויגן!
אט פליט ער! אט פליט ער! —
ווייזט ער מיטן האנט צום הימל ארויף.
ווי אן אדלער, מיט צעפאכעטע פליגל
טראגט ער זיך, זעגלט ווי א ווייסער שוואן,
הויך, הויך אונטער די וואלקנס!
ער פליט מיט געזאנגען,
פלאטערט, פלאטערט
אוועק צו זיין אויסגעבענקטן זון־לאנד!

מיט פארריסענע קעפ צום פארוואלקנטן הימל,
שטייען זיי ווי צוויי סטאטועןן;
זייערע אויגן פייכטן,
זייערע טרוימען לעשן זיך,
די הערצער קלאפן, קלאפן —
פון פרייד? פון צער? —
ווער ווייסט?
ס'איז הארבסטיק, ס'איז אומעטיק:
שווערע וואלקנס ציען איבער די הויכן,
ווינטן זשוזשען צווישן די נאקעטע צווייגן,
באלד וועט א כליאפע טאן א רעגן איבערן סאד.

# אין הקדיש

גרייט איז דער הקדיש פאַר אָרעמע לייט,
וואָס קומען פון הונדערטער מיילן,
דאָס שטעטל איז תמיד פאַר זיי צוגעגרייט.
די רו־צייט מיט זיי זיך צו טיילן.

קומען אַן בעטלער, דער הקדיש ווערט פול
מיט ווייבער און שוואַכע זקנים:
בעטלער פון שטעטלעך, פון באַרג און פון טאָל,
מחנות וואָס וואָגלען אינאיינעם.

טונקלט דער הימל זיך נאָך מערב־צייט,
ווערט פול דער הקדיש באַלאַגערט,
דערציילן זיך סודות די אָרעמע לייט
מפלוידערט אין בינטלעך — מ׳גראַגערט:

ווער עס גיט צדקה, ווער עס איז קאַרג,
זיי לויבן די גוטע און בענטשן.
אין ווינקל די שעניקעס ליגן, אַ באַרג:
די שטאָט זאָרגט פאַר אָרעמע מענטשן!

איינער גיט פּרוטות, אַ צווייטער גיט ברויט
די אָרעמע לייט צו דערנערן:
עס לאָזט זיי דאָס שטעטל נישט שטאַרבן פון נויט,
מען גיט לויט דעם האַרצנס באַגערן.

⁂

וואָס וועבט די לבנה איר אומעט אויף ווענט
אין הקדיש, אויף סלופּעס, שוואַרץ־נאַסע,
און זילבערט די קעפּ פון די אָרעמע לייט,
און גלעט זיי די פּנימער בלאַסע?

עס שלאָפן די הייזלעך שוין, רואיק און שטיל,
מען הערט נאָר דאָס קריקן פון גרילן,
וואָס קוקט די לבנה צום הקדיש אַראָפּ,
און האָרכט צו דעם הינטישן בילן?

⁂

אינעם הקדיש אויף די בענק
זיצן יידן, אַלטע לייט:
דער אַ לאָמער יענער — בלינד,
דער אַ יורד, יענער — טויב,
דער אַ נשרף, דאַר און קוואַר,
אין די טאָרבעס וויינט דער צער: —

בעטלער, בעטלער, נע־ונד,
איבער פּוילנס יעדן שליאַד —
שלעפּן זיך פון שטאָט צו שטאָט,
נאָך דעם יידישן גענאָד.

וואו אַ שטעטל רוט מען אָפּ,
שטאַרקט דעם גוף מיט מענטשנס גאָב,
קלאַפּט אָן שטיל אין יעדע טיר,
גיט זיך נישט פון אָרט אַ ריר.

שטייט ער ביי דער שוועל און וואַרט,
אויפן שטעקן אָנגעשפּאַרט,
שטרעקט די האַנט אויס, האַלב געליימט,
און זיין האַנט בלייבט נישט פאַרשעמט.

⁂

בעטלער וואָגלען אין דער פרעמד,
נישט קיין היים און נישט קיין העמד,
נישט קיין שטוב און נישט קיין בעט,
נישט קיין מאָלצייט צו דער זעט.

ווי דאָס פעלד אין תשרי־צייט —
אָפּגעקאָשיעט בייט נאָך בייט:
אַזוי ווײנט פון בעטלער־הויט —
יאָרן פּיין און טעג פון נויט.

***

גרוי און אַלט און אָפּגעצערט,
זיצט אַ זקן טיף פאַרקלערט,
און דער שטעקן לעבן אים
ליגט און טרויערט שטיל מיט אים:

אַמאָל איז ער געווען רײַך:
קו אין שטאַל און פיש אין טײַך,
פעלדער, גיטער אײַנגעקויפט;
קופּעס מינצן אָנגעהויפט:

גיב און נעם און נעם און גיב —
אַזאַ טײַוולישער באַטריב.
פאַרן גוף קיין פרײַע שעה,
פאַר נשמה נישט קיין רו.

ווי דער ווינט אין שטורעם־געיעג,
יאָגט עס דיך נאָך אַ פאַרמעג —
נאָך די אוצרות וואָס דו זשוּיבסט,
נאָך די לעבנס וואָס דו רויבסט!

איצט איז ער שוין פון יאַריד
צוריקגעקומען אַלט און מיד:
די נשמה נאַקעט הויל,
און דאָס האַרץ פאַרברענט אויף קויל.
פאַר די זינד דאָ לײַדט ער נויט,
און אויף דער שוועל וואַרט שוין **דער טויט.**

***

נאַכט ליגט שטיל אויף הקדיש-ווענט,
סצאַנקט אויף זיי לבנה-בלענד.
ס'שאַרכט און קוקט אַ הקדיש-מויז
פון איר שוואַרצן טיף אַרויס.

שטיל און פינצטער, שטילקייט האָרכט.
ווי אַ בעטלער ליגט און שנאָרכט,
איינגעשלאָפן אויף אַ זאַק —
אויף זיין הארטן צרות-פּאַק.

דורכן פענצטער טריב און שטאַר,
קוקט אַריין די נאַכט מיט צער,
טוליעט יעדן בעטלער איין,
אין לבנהס קאַלטן שיין.

קעפּ באַבערדטע ליגן מיד,
ס'נאַגט דער שלאָף זיי טיף און ציט.
נאַכט וויגט איין דעם הקדיש שטיל,
און המפּיל זאָגט אַ גריל.

## וואַנדער

(בריוו צו סילוויען)

היל דיך איין אין דיין ווייסן יום-טוב-קלייד,
פאַרלאָז דיין שוועל און וואַנדער,
און די וואָס וועלן דיר אַקעגנקומען —
ריין ווי דו און בארמהארציק ווי דו —
וועלן בענטשן דיינע טריט.

און בלייבסטו איינע —
איינזאַם אין דיין וואַנדער-וועג:
נישט צווייפל —
ריין ווי דו וועל איך דיר אַקעגנגיין
און בענטשן דיינע טעג —
פון דיין איינזאַמקייט.

## אין דעמערונגס-שעה

גיי אַרויס אין דעמערונגס-שעה,
ווען די זון פאַרגייט,
ווען רויטקייט טריפט פון געבערג-שפּיצן.

גיי אַרויס פון דיין איינזאַמקייט,
לייג צו דיין מידן קאָפּ צום האַרץ פון דער ערד
און האָרך: —

דערהערן וועסטו מיינע בענקענדיקע פוסטריט —
שפּאַנען צו דיר —
איבער דער מדבר פון דער וועלט.

## ווער

אויב איינזאַם —
בין איך איינזאַמער פון דיר.
אויב אומעטיק —
בין איך אומעטיקער פון דיר:
אומעטיק זיינען מיינע טעג,
האַרבסטיק מיינע נעכט
און מיינע טרוימען;

הענגען מיינע טרוימען
ווי האַרבסטיקע פּירות אויף אַ בוים;
טרויערט מיין בלוט:
ווער וועט מיינע פּירות פאַרצערן —
דו? צי דער האַרבסט-ווינט?

## שטערן אין דער איינזאַמקייט

ווי דער בוים
אַדורכגעווייקט פון רעגן-שטורעם —
לאָזט זיינע צווייגן אַראָפּ שווער,
אַזוי מיד
הענגט נאָך דיין קאָפּ, פון בענקשאַפט.

איינזאַמע — הויב אויף דיינע בליקן
צו די הימלען און זע:
נאַכט — שטערן לייכטן אָפּגעזונדערט,
שטערן לויכטן
פון זייער איינזאַמקייט אַרוים!

## ווי די וואַסער-ליליע

ווי די וואַסער-ליליע, אין דער נאַכט-רואיקייט —
עפנט איר האַרץ:
אַזוי עפנט זיך מיין זעל —
ווען די זון פאַרגייט.

פאַרלעשט זיך דער גלי
אין מערב-זייט —
גייט אויף אין מיין האַרץ אַ געזאַנג
און ציטערט, איבער די שטילקייט פון דער ערד;

ווער ס'איז איינזאַם —
בענקט פון זיין איינזאַמקייט אַרויס
און זינגט,
ווען די זון פאַרגייט.

## אַ באַרג-רויז

שטייט אַ באַרג-רויז, אונטערן לבנה-ליכט,
אָנגעטרונקען מיט טוי און זאַפט,
און טרוימט צום בלויען ליכט אַרויף —
אין דער שטילער נאַכט: —

אַזוי וואַרטסטו, אין לויטערקייט,
וואַרט —
אויף דיין אויסגעבענקטן;
איך וועל קומען,
קומען —
און דערלייזן דיך פון דיין איינזאַמקייט.

## אויב איך בענק

אויב איך בענק —
בענק איך נאָך דיין צאַרט געשטאַלט,
וואָס פלעגט דערשיינען, מילד ווי אַ זומערווינטל,
שטיל, ווי אַ חלום, מיין שוועל באַטרעטן.

אויב איך בענק —
בענק איך נאָך דיינע גוטע אויגן,
וואָס באַהעפטן זיך מיט מיין האַרץ,
און וועקן אין מיר אַ געבעט,
פאַר די וואָס ליידן,
און בענקען ווי דו.

## ווי דער מאָרגן-טוי

ווי דער מאָרגן-טוי
רוט דימענטיק אויפן גראָז-גרין —
אַזוי לויטער רוט דיין בליק
אויפן אָפּגרונט פון מיין האַרץ.

ווי דער ערשטער שטראַל פון טאָגן
שפּיגלט זיך קלאָר אין טייך —
אַזוי שפּיגלט זיך דיין בליק
און וואַרעמט מיין האַרץ;

דיין בליק,
איך טראָג אים אין מיר,
אויף מיין וואַנדער-וועג —
אויפן וועג פון דער אייביקייט.

## אַזוי ביסטו

שוואַרץ זיינען דיינע האָר,
דופּטיק ווי גראָז אין תמוז.

שוואַרץ זיינען דיינע אויגן
ווי די ווייַנטרויבן אין מזרח־לאַנד.

ווייס איז דיין פּנים, קלאָר
ווי די ליליע ביים טייך.

לויטער איז דיין גוף,
לויטער ווי דער פרימאָרגן־טוי.

און דיין האַרץ איז אַ זון
וואָס שטראַלט פון דיין לייב אַרוים,

און באַשטראַלט קלאָר —
דיינע, פון גאָט־געקוקשטע אבֿרים!

אַזוי ביסטו — אויסדערוויילטע,
דו, מיין דערגרייכטער חלום!

## צווישן וואַלד־טאַפּאַלן

אַזוי האָט שולמית
איר איינציקן דערוואַרט;
צווישן בערג און באַרג־בלומען,
מיט אָוונט־רויט —
איר לייב געוואַשן,
מיט בלעטער און קוויטן —
איר טראָן געגרייט,
און געוואַרט;

און וואַרטנדיק
האָט איר האַרץ געזונגען,
און זינגענדיק
האָבן אירע אויגן געלויכטן,
געלויכטן אין טאָל אַראָפּ —
צו איר אויסגעבענקטן:

אַזוי — אַ פֿאַרחלומטע —
האָסטו מיך אָפּגעוואַרט;
אין דער וואַלד־שטילקייט
מיך געקרוינט:
מיט דיין מויל מיין שטערן געזאַלבט
און דיין ליבע פֿאַראייביקט!

## נ אָ ר  ד ו

נאָר דו
האָסט דורך דער נאַכט־שטילקייט —
דאָס געזאַנג פֿון מיין האַרץ דערהערט;

נאָר דו —
האָסט מיט הייליקן ליכט־שימער
מיין דעמערונג באַלויכטן;

נאָר דו
האָסט דורכן מענטשן־שטראָם —
צו מיין איינזאַמקייט דערגרייכט;

נאָר דו
ביסט געקומען מיט ליבע באַקרוינט,
דיין קרוין צו מיינע פֿיס געלייגט:
— באַהערש!
נאָר צו דיר זינגט מיין האַרץ.

## מיין ליד איז דיין

מיין ליד איז דיין
און גליט פאַר דיר.

מיין וואָרט איז דיין
און לעבט פאַר דיר.

און מיינע נעכט,
וואָס האָבן מיך פאַרוויגט
אין ליכטיקע טרוימען —
געהערן דיר.

אויך מיינע טעג און די טרוימען —
וואָס דרימלען נאָך אין רוים, ערגעץ —
געהערן דיר
און גייען אויף פאַר דיר!

## דו, מיין קאַרשן-בוים

איך זע דיך — מיין קאַרשן-בוים:
איבער דיין לויטערער שיינקייט
רוט לבנה-ליכט.

איבער דיינע פאַרשלאָפענע קאַרשלעך —
דרימלט אַ זילבער-שטראַל
פון דער מילדער נאַכט.

פון דיינע אַטלאַס-בלעטער —
טריפט מיט בענקשאַפט,
צו דעם דרימלדיקן גראָז אַראָפּ.

איך זע דיך מיין קאַרשן-בוים,
איך בענק צו דיר —
אין שטילע לבנה-נעכט.

## סילוויע טרוימט

טורעמלעך, זילבערנע און מויערן,
פענצטערלעך, לבנהקע, פארמאכט:
טרוימען דרימלענדיק פון טויזנט און־איין־ נאכט;
טירן־טויערן — צו אויף שלאס און ריגל,
און דאס טייכל ווי א זילבער־שפּיגל —
שפּיגלט־אפּ דעם נאכט־געהילטן שלאס;
אלע שומרים ביי די הונדערט פּערל־טויערן,
און די נאכט־געהילטע מארמאר־מויערן —
היטן סילוויעס טרוים:

אויסגעבאדן אין געווירצן, רויזן־בלעטער,
איינגעהילט אין ליליען און נארציזן:
אויפגעוועקט פון הייליקע קאפּריזן —
האט סילוויע ארויסגעפלאטערט פון איר חדר,
אין די ווייסע טיול־געוועבטע קליידער —
שלייכט זי אין א טרוים: —

טרוימען מיט די הונדערט פּערל־טויערן,
און די שטאלצע, בלויע מארמאר־מויערן,
די ציפּרעסן, ליליען, טוליפּאנען,
אויפן טייך — די ווייסע, קלארע שוואנען —
יעדער בלימל טרוימט;

טרוימען מיט די בלויע הונדערט זיילן,
און די ווייסע שטילע מארמאר־היילן —
היטן סילוויעס טרוים;
גיסן זיך פון הימל בלוי די שטראלן:
איינגעהילט אין זיידענע וואואלן
איז די נאכט;

פאלט דאס בלויע ליכט אויף ליליען און נארציזן,
אויף רויז און בלויען קווייט:
שלאפן־איין די הייליקע קאפּריזן —
סילוויעס — אויף א בלומען־בייט.

## געדענקסטו נאָך, סילוויע

געדענקסטו נאָך, סילוויע — די זומער-נעכט, מילדע:
דער הימל — פול שטערן, די ווינטעלעך — לינדע;
געשטאַנען דער גאָרטן אין שניי-ווייסע בליטן,
און גרין האָבן פלאַנצן פון בייט זיך געשניטן,
דער טוי האָט געפינקלט ווי זילבערנע טרערן,
און איך האָב דיין פּנים געקושט און דיין שטערן:
מיר האָבן ווי קינדער פון פרייד-כּוס גענאָסן —
עס האָבן זיך ליפּן ווי קנאָספּן געשלאָסן.

געדענקסטו נאָך, סילוויע — די נעכט אין דעם גאָרטן:
די נאַכט האָט מיט שטילקייט פאַרבאָרגן אונדז דאָרטן;
מיר האָבן פאַרליבטע, פאַרוויגט זיך אין טרוימען;
דער בוים איז געשטאַנען באַלאָדנט מיט פלוימען.
די באַרנעס געהאַנגען אַראָפּ פון די צווייגן,
און יעדערער צווייג זיך פון שווערקייט געבויגן,
די זאַפטיקע עפּל געהאַנגען שוין רייפע —
ווי דיינע בריסטלעך — די צייטיקע, שטייפע;
און דו האָסט דיין קאָפּ אין מיין שוים מיד געזונקען,
און איך האָב דעם ווייַן פון דיין מויל אויסגעטרונקען.

געדענקסטו נאָך, סילוויע — די גליקלעכע שעהן:
דער סאָד האָט געהילט אונדז אין ליכט דאָרטן, בלויען,
פאַרשלאָפענע פּירות אויף בוימער געהאַנגען;
געטראָגן זיך האָבן פון ערגעץ געזאַנגען,
און איך האָב געגלעט דיינע האָר מיט די פינגער:
געוועזן בין איך יונג נאָך! און דו פון מיר יינגער!
די שטערן געפינקלט אַדורך גרינע צווייגן,
געוויגט האָט די נאַכט אונדז, געקושט אונדז מיט שווייגן.

געדענקסטו די נעכט דאָרט — די בלומיקע, לויטער:
געריפּט זיך די מאָן-בעכערס רויטער און רויטער;

מיר האָבן פֿוןביימער די עפּל געריסן —
אַראָפּ פֿון די צווייגן און באַלד — איינגעביסן ! —
די רונדיקע פּירות מיט זאַפֿט אָנגעגאָסן —
ווי ווייַן האָט דער זאַפֿט פֿריש אין מויל קיל געפֿלאָסן ;
געזעטיקט דאָס האַרץ זיך מיט ווייַן, ווי פֿון קעלטער :
איצט ביסטו שוין אַלט, און איך — בין נאָך עלטער :
עס שטייט נישט די צייט — זי פֿליט אומגעהייער ;
עס ווייסלט דייַן קאָפּ זיך און מייַנער — נאָך גרויער ;
געלאָשן זיך יאָרן ווי שטערן אין רוימען,
צוזאַמען מיט יאָרן — זיך לעשן די טרוימען.

עס לעשן זיך טרוימען, דאָס האַרץ ווערט אויך קעלטער :
ס׳איז אמת מייַן ליבסטע — מיר זייַנען שוין עלטער ;
דאָך לעבט מייַן אילוזיע, זי וועט נישט אָפּשטאַרבן,
זי לעבט אין מייַן האַרץ נאָך מיט זוניקע פֿאַרבן ;
דער סאָד מיט די ביימער — ער שטייט נאָך אין בליטן,
איך זע אים אין דמיון אין שטילע מינוטן ;
און דיך זע איך יונג דאָרט, פֿון גאָט אַ מתּנה —
אַ בליענדע ליליע, אַ צאַרטע מאַדאָנע,
איך זע דיך צווישן די ביימער דאָרט שוועבן :
מייַן טרוים וועט ניט שטאַרבן — דו וועסט אין אים לעבן !

(1945)

מיין לעבן האָט געחלומט לאַנג שוין אויף אַ טאָג פון פרייד:
אַ שטראַל פון גליק זאָל ווידער אויף מיר לייכטן:
געקומען איז דער טאָג, ווי פרילינג קומט צעגרינט,
שטיי איך ווי דער בוים צעבליט, — אין מיין גליק דערגרייכטן.
איך קוק אויף דיר, אין אַ ווייסן חופּה־קלייד געהילט,
פאַר מיינע אויגן שטייסטו, ווי ליד, ליכטיק, שיינער;
מיין גרויען קאָפּ דערהייב איך צו דיר, קינד, מיט דאַנק:
איך בענטש דעם אומבאַקאַנטן וועג וואָס ליגט פאַר דיר אַ ריינער.

טאָ, — זיי געבענטשט: דיין חופּה־טאָג קריצט איין זיך אין מיין הארץ,
מיט אותיות, קרישטאָלענע, וואָס וועלן לייכטן לאַנג, ווי זונען.
ס׳איז הייליק היינט מיין פרייד: מיין נייער שטאַם גייט אויף,
איך וויים, איך האָב מיט דיר, מיין קינד, די אייביקייט געוואונען!

## וואָס בלייבט איבער

נאָך אַ חופּה־נאַכט בלייבט איבער נאָר אין זאַל —
אַ גרין פאַרלוירענער מירטן־בלאַט.
שטיקלעך גלאָז, פון אַ צעטראָטענעם באָקאַל —
נאָך דעם ריטואַל „הרי את.”

דער כלה־טראָן מיט בלימלעך, עלענטע, באַבלימלט,
וואָס גלאַנצן מאַט אַראָפּ מיט בענקשאַפט־פאַרבן,
דער חופּה־דאַך — אין שימער איינגעדרימלט,
באַשטראַלט פון לבנהס בלויע קאַרבן,
איבער אַלע ווינקלען — פאַרשלומערטע מוזיק:
עכאָס פון אַ מיטגענומען גליק.

וואָס נאָך בלייבט איבער דאָרט אין זאַל? —
אַ חלום פון אַ פאַרבן־רייכן קאַרנאַוואַל,
וואָס האָט די שטילקייט מיט געיובל אָנגעצונדן:
פאַרבייגעפלאַטערט מיט געזאַנג און גיך פאַרשוואונדן.

## ווי אַ בילד אין ראַם

דאָס פּנים בלייך — ווי בלעטער פון אַ ווייסער רויז;
דער גוף איז אַלט — געאיידלט, שמאָל און דאַר;
די אויגן — מאַט, פאַרחלומט, פייכטלעך, בלוי;
דער קאָפּ — באַזילבערט ווי מיט קלאָרן טוי:
אין די שטערן־קאַרבן זיצן יאָרן צער.

און יעדן טאָג — מיט דריבנע טריט — זי שאַרט זיך צו
צום פענצטער פון אַ קראָם, בלייבט שטיין ביים שויב,
הויבט אויף די אויגן און פאַרשטעלט זיי מיט דער האַנט
און ציילט די שעהן, אויפן זייגער דאָרט, פון וואַנט,
מיט בליקן זוכנדיקע פון אַ מילדער טויב.

און פּלוצלונג ווערן אירע אויגן בלויער, גרעסער, ברייט.
זי האָרכט זיך איין צום זייגערס מאָנאָטאָנעם ווייכן קלאַנג...
זי בלייבט ביים פענצטער שטיין ווי אַ בילד אין ראַם,
די אויגן לייכטן האָפערדיקער אונטער זילבער־ברעם —
פון ערגעץ קומט אַ יינגעלע צו לויפן מיט געזאַנג.

זי נעמט אַרום דאָס יינגעלע און קושט אים הייס און טריי.
דאָס אייניקל פלעכט באַבעס קאָפּ אַרום און פרעסט אים ליב!
זי גלייכט אים אויס דאָס רעקעלע, נעמט די ביכער צו פון זיינע הענט
דאָס בלייכע פּנים אירס האָט אויפגעבלומט, זיך פריש צעבלענדט,
ווען ס׳יינגל — ווי אַ לאָשעקל — נעמט האָצקען איבער שטיין און גרוב.

אַזוי־אַ יעדן טאָג פונקט אין דער זעלבער צייט
שטעלט זיך אָפּ ביים פענצטער דאָרט דאָס ליבלעכע געשטאַלט,
מיט צאַרטן פּנים, בלויע אויגן, שטערן קאַרביק־אַלט,
נאָר ווען עס לויפט דאָס יינגעלע צו איר אַריין אין שוים —
בלומט אויף די באָבעשי אויפסניי, צעבלעטערט ווי אַ רויז!



# אַ נר־תמיד

כ׳האָב אָנגעצונדן אַ נר־תמיד,
פאַר דיין פינצטערן גורל —
ער זאָל גלימערן אין אומעט
אין דיין פאַרלאָשענער וועלט אַריין.

# וועלט, מיין חרובע וועלט

א

וועלט, מיין חרובע וועלט —
איך ברענג דיר תפילות פון מיין הארץ,
געצייכנט אויף שוואַרצע טאָוולען
פון דער ערד.

וועלט, מיין חרובע וועלט —
דאָס טראָג איך מיין טרערן־ליד צו דיר,
אויף די גאַסן פון דער אומעטיקער ערד.
וועלט, מיין חרובע וועלט.

ב

צו די וואָלקנס

איך האָב מיינע בליקן
צו די האַרבסטיקע וואָלקנס דערהויבן
און באַגלייט זיי
מיט מיין טרויער.

איך האָב מיינע אויגן
צו דער האַרבסטיקער נאַכט געווענדט
און געטרויערט
אויף דיין גורל.

## איך האָב דיין צער דערפֿילט

די טעפּיכער אומעטיקע ווי הארבסטיקע בלומען —
טרויערן איבער מיינע דילן.
און פון אונטער די אַבאַזשורן —
פאַלט גאָלדיק מאַט דאָס ליכט, אויף די ווענט
און איבער אונדזערע פּראָפילן.

און דו — ביי דער פּיאַנאָ — שפּילסט
שאָפּענס נאָקטורן:
וויינען די קאַנטורן
פון דיין יונגן גוף;
ווײנט פון אונטער ווייסע קלאַווישן
דאָס קאָמפּאָזיער־הארץ —
פון קבר.

איך האָב דערפילט דיין טיפן צער:
אפשר דערפאַר טרויערן די טעפּיכער הארבסטיק
איבער מיינע דילן,
און אונטערן ליכט פון די אַבאַזשורן —
וויינען די קאַנטורן
פון דיין יונגן גוף.

## וויי, וויי

וויי, וויי —
צו דעם —
וואָס זיינע טעג און נעכט
זיינען אים אַ לאַסט;
ווי דער צעבראָכענער מאַסט
אויפן ים־שטורעם —
אַזוי וויגט זיך זיין גוף
פאַרן אונטערגאַנג.
וויי, וויי —
צו דעם —
וואָס זיינע טעג און נעכט
זיינען אים אַ לאַסט!

## דו ווייסט

דו ווייסט — און מיט דיין גורל ווייסט די טריבע נאַכט
און ווי דער טוי אויף פעלדער, נאַקעטע — אין האַרבסט —
גייט אויף דער טרויער פון דיין יונגן האַרץ:

איך שטיי אין נאַכט געהילט און זע דיין פּיין,
איך פיל דעם צער — פון דיין געוויין,
וואָס פאַלט אויף מיר ווי שניי אויף קברים-שטיינער:
ווי גרויזאַם איז דער מזל דיינער,
אַ, קינד, ווי גרויזאַם איז דיין שיקזאַל!

דו ווייסט — און מיט דיין גורל ווייסט די רעגן-נאַכט.
וויין-אויס דיין קראַנקן צער, וויין-אויס —
די נאַכט איז שוואַרץ און לאַנג און גרויס,
ווי דער יונגער ווייסטער לעבן דיינער.

## דיינע לעצטע טרערן

ווען געטראַמפּלט האָט דער טויט נאָך דיינע שוואַכע טריט —
האָסטו, מיט טרערן, ווי אַ קינד פאַר מיר געביטערט:
זיין ביינער האַנט האָט שוין אויף דיר געציטערט —
זיין קאַלטער אָטעם האָט דיין וואַרעם האַרץ געקילט,
און פון דיין גוף האָט מען דעם ריח פון דער ערד געפילט.

געזאָגט האָסטו: „ווער קען זיין ווייסטן גזר צעשטערן?"
און מיין האַרץ האָט מיט דיין אונטערגאַנג געוויינט:
עס האָבן מיך געוואָרגן אינעם האַלדז די טרערן.
מיט מיין גייסט האָב איך געפּרוּווט דיין שוואַכן מוט דערהויבן —
נאָר אויסגעהערט מיך האָסטו קאַלט און שטום — אָן גלויבן.

און אויסגעהערט מיך האָסטו קאַלט און שטום אָן גלויבן,
נאָר טרערן האָבן אויף דיין פּנים קלאָר געררונען.
און ווערטער דיך צו טרייסטן האָב איך נישט געפונען:
ווען דער טויט האָט דיך שוין אין זיין נעץ פאַרשפּונען,
האָט די נאַכט — אַריינגעקוקט שטאַר דורך די טונקלע שויבן.

## האָסט אויסגעשטרעקט די הענט צום גורל

איך האָב געזען דיין לעבן צאַנקען ווי אַ חלום —
ווי די זון אין האַרבסט זיך לעשט, אין לעצטן גליען:
דיין קלינגענדיקער קול — געוואָרן שוואַכער, שטילער,
די ליפּן — ווי די רויזן־בלעטלעך — האַרבסטיק, קילער:
דו האָסט צו דיין גורל אויסגעשטרעקט די הענט, מיט שלום.

געגרייט האָסטו זיך אין דער אייביקייט צו רוען:
באַהאָפטן דיינע בליקן מיט די לעצטע שטראַלן,
וואָס זיינען אויף די טריבע שויבן פון שפּיטאָל געפאַלן,
און זיך גענומען באַלד אויף די פענצטער לעשן
און צאַנקען אויף דיין מידן קאָפּ אין ווייסן קישן.

געזען האָב איך: ווי נאַריש אַלץ איז דאָ און שטויביק!
און געזעגנט זיך מיט דיר, מיין סילוועט, אויף אייביק.

## אין דער לעצטער שעה

געשטאַנען בין איך ביי דעם בעט, דיין האַנט אין מיינער,
דיין מידער בליק, ער האָט מיך שטום באַגעגנט,
און פון דיין שטערן האָבן אַנגסטן קאַלט געגרעגנט...

דיין שוויגן האָט גערעדט: „ניין, איך קען שוין מער נישט ליידן,
נאָר שווער איז, ליבסטער, זיך מיט דיר אויף אייביק שיידן:
עס קען דער מענטש זיין גורל נישט אומבייטן —
עס קומט די צייט — און ס׳לעשן זיך פון ליכט די קנויטן...״

געפאַלן איז דיין לעצטער בליק אויף מיר פון דיינע אויגן,
נאָר דער טויט — ער האָט דיך אין זיין פינצטערניש אַריינגעצויגן —
ווי דער ים־שטורעם ציט צום תהום די שיף, מיט שווערע קייטן.

## אין אַ טרוים געשלאָסן

איך האָב געלייענט אין די קאַרבן פון דיין שטערן — לײדן,
ווען דו האָסט די ליפּן פיינלעך שטום געביסן;
ווי דער שטורעם ברעכט פוןביימער אָפּ די צווייגן —
האָט דער טויט פון לעבן דיינעם שטיקער אָפּגעריסן.

אויף דיין בלאַסן פּנים האָט ער קאַלט דעם גזר געצייכנט:
אַז דיין נאַכט נידערט שוין און וועט דיך באַלד צודעקן:
איך האָב דעם טויט דערזען — פון דיינע שקיעה־אויגן
קוקן אויף מיר שטאַר, מיט אַלע זיינע שוואַרצע שרעקן.

איך האָב מיין קאָפּ צו דיינעם נענטער צוגעבויגן —
געגאַרט נאָך פון דיין מויל אַ וואָרט צו הערן:
נאָר דיינע ליפּן האָבן זיך אין אַ טרוים געשלאָסן...
און געפאַלן איז מיין קאָפּ אויף דיין טויטן שטערן.

## דער נס איז נישט געשען

אין דעם אָרון — סילוויע — ביסטו געלעגן
ווי אַ ווייסע מאַרמאָרנע פיגור;
געלויכטן האָט דיין פּנים צאַרט און קלאָר,
נאָר דיינע ליפּן האָבן קאַלט און טויט געשוויגן.

דיינע האָר האָבן זילבערדיק באַקרוינט דעם שטערן,
דיינע אויגן — ווי פון אַ נעפּל גרוי פאַרגאָסן —
האָבן זיך אין אַ וויטן חלום ווייך געשלאָסן.
געפאַלן, אויף דיין שטילקייט, זיינען מיינע טרערן.

געקוקט האָב איך אויף דיינע צוגעמאַכטע אויגן —
דערוואַרט אַ נס: דו וועסט זיי עפענען און מיך דערזען;
נאָר ווײ, אוי ווײ — דער נס איז נישט פאַר מיר געשען.
און טיף מיט צער האָט זיך פאַר דיר מיין קאָפּ געבויגן.

## לאָזט מיך שטיין און שווייגן

נישט פאַרמאַכט דעם אָרון — האָט מיין האַרץ געררופן —
איך וויל איר פּנים נאָך איינזאַפּן, טיף אין מיין זכרון:
שטיקער טרוימען דרימלען דאָ, פון מיינע פרילינג־יאָרן!
לאָזט מיך שטיין און שווייגן ביי דעם אָרון.

נישט פאַרמאַכט דעם אָרון, לאָזט מיך שטיין און שווייגן:
מיינע בליקן וועלן מער נישט אויף איר שיינקייט רוען:
אויך מיינע אויגן וועלן באַלד זיך מיט אַ פינצטערניש פאַרציען.
לאָזט מיך שטיין און שווייגן ביי דעם אָרון.

## ביי דעם קבר פון מיינע טרוימען

דיין פרישער קבר האָט זיך געל און נאַס געעפנט —
דער הימל איבער אים געטרויערט מיט אַ רעגן:
געשטאַנען איז דער אָרון, מיט דיין לעבן שוין פאַררינגלט;
אויף אייביק זיך מיין לעצטער בליק מיט דיר געזעגנט —
ווען די נאַסע ערד האָט דיך אין איר שוים פאַרזיגלט.

פאַרזיגלט האָט די ערד אויך מיינע יוגנט־טרוימען —
וואָס דיין יונגער לעבן — האָט פאַר מיר, העל אָנגעצונדן;
מיט דיין קבר ווערט מיין צוקונפט איצט פאַרבונדן,
און יעטווידער בלימל — אויף אים — וואָס די ערד וועט שענקען —
וועט מיך דערמאָנען פון דיין הייליק לעבן און דיין בענקען.

## ט ר ו י ע ר

צי דאַרף מען נאָך ביי מיר דען קריעה שניידן? —
דער טויט האָט דאָך מיין האַרץ שוין איינגעשניטן;
געבליבן דאָרט איז נאָר אַ נר־תמיד אין דער מיטן,
דאָס האָט מיין ליבסטע אין דער יוגנט אָנגעצונדן.

נאָך וואָס די קריעה שניידן און דאָס מלבוש רייסן? —
עס איז דאָך אין מיין האַרץ אַ שטיק דאָרט איינגעשניטן:

צי הערט איר נישט דאָס פאַלן פון די טראָפּנס בלוטן?
מיין אינערלעכע וועלט איז סיי־ווי שוין צעריסן.

איך בין פאַר'אבל'ט: עס האָט דער אָרון מיט איר גוף
זיך טיף, אין דער ערד אַריין, ווי אַ קריעה איינגעשניטן;
און וואָס די צייט וועט אויפן קבר שענקען מיר, איז בליטן,
זיי וועלן זיך אָנצינדן ווי די יאָרצייט־ליכט און גליען.

## דער בית־עולם

בלעטער, גראָזן, בלומען — וויאָניען,
איבער בערגלעך, רייען קברים:
מידע לעבנס שלאָפן דאָרטן,
רוען אין דער מאַמעס אָרעם.

שטיל — מען הערט קיין פויגל טרעלן —
דאָס וואָס רוט — נישט אויפצואוועקן;
אויפן הימל, כמאַרעס, גרויע
יאָגן זיך פון אַלע עקן.

פון די ווייסע מאָנומענטן
קוקן אויסגעקריצטע נעמען:
„ראָזי, מאַרטאַ" — ווערטער שטאַרן
אין דער ווייטקייט, זוכן ווּעמען.

אומעט, טרויער — קברים דרימלען
איינגעהילט אין גרויע טרוימען;
ווינטן בלאָזן, צווייגן רוישן,
וואָלקנס יאָגן אין די רוימען.

איינגעהילט ליגט אַלץ אין שווייגן,
שטיינער דרימלען, גאָלד־באַשריבן:
— מענטש — דאָ רוט דיין לעצט פאַרמעגן:
אַלץ, וואָס נאָך דיר איז פאַרבליבן!

## הייליקער פייער

געבענטשט פון גאָט, געגאַנגען זיינען מיר זאַלבע צוויי,
איצט, בין איך אין דער גרויסער וועלט אַליין געבליבן.
ווי פערל, האָב איך אַלע יאָרן, אונדזערע, געקליבן —
טראָג איך פערל, איצט, אין מיין האַרץ און שפיגל זיך אין זיי.

כ׳האָב יעדע שעה פון אונדזער לעבן דאָ, פאַרשריבן
אין זכרון מיינעם, מיט אַ הייליק פייער אויסגעברענט;
דיינע אויגן, ליכטיקע, זיינען אין מיין פינצטערניש פאַרבליבן,
און אומעטום באַגלייטן מיך מיט ליבשאַפט דיינע גוטע הענט.

## אַן אָפּגעבראָכן צווייגל

איך האַלט אין דער האַנט אַ שוואַרץ ריטל —
אַ צווייגל פאַרטריקנט און דין,
איך קוק אויף דעם צווייגל — און טרויער:
איז דאָס אַט, פון לעבן דער זין? —

געלעבט האָט עס ערשט אויף אַביימל,
מיט גרין־פרישע בלעטער באַדעקט,
און יעדערעם בלעטל געזאַפּטיקט,
מיט בליאונג צום לעבן געוועקט.

איצט ליגט אין מיין האַנט אַ טויט ריטל,
וואָס וועט שוין נישט אויפבליען מער!
איך קוק אויף דעם צווייגל, דעם טויטן,
און ס׳ווערט מיר אין האַרץ אַזוי שווער.

# באַרוישונג

ביי קרעטשמע־טישן האָט מיט מענטשן פריילעכקייט געווימלט און גערוישט,
דער שוים פון גלעזער, פינקלענדע — אַרויסגעשפּאַרט זיך קלאָר,
און איך — פאַרטומלט זיך מיט פריינד, באַהעמיש זיך באַרוישט —
מיין איגערלעכן וויי־געשריי, טיף אין מיר ווי אַפּגענאַרט:
געהויבן ס׳גלאָז צו פריינד, מיט שפּילעוודיקן ווייַן —
געזונגען האָט אין כאַר מיין מויל, דאָס האַרץ — געטריפט פון פּיין,
ווען פנימער ביי טישן — וויין־באַרוישטע — האָבן פריילעכע געלאַכט,
נאָר זינגענדיק האָב איך מיין גורל קלאָרער נאָך באַטראַכט:

געשלונגען האָט מיין קעל, טרונק־נאָך־טרונק, נאָר שטיל מיין האַרץ געוויינט
און טיף דער צער די גלידער אין מיין לייב געזויגן.
נאָר ווען דער קרעטשמע־זייגער האָט דאָס הענטל צו דער האַלבער נאַכט דערצויגן
און אומעטיקע קלאַנגען האָבן זיך צעטראָגן קאַלט און שטאַר,
געשלעפּט האָב איך זיך צוריק אַהיים מיט פריינד און מיט מיין צער —
זיך צוגעהערט צום קרעכץ פון יאָגנדיקן רעדער־רויש,
געקלאַמערט זיך מיין בליק צום רעגנדיקן הימל און צו יעדן הויז —
וואָס שטאַרצן האַרבסטיקע, ווי תיבות, אין דער כמורנער נאַכט אַריין.

געהערט אַ חברס קול: „אָט איז דיין הויז!"
און מידע שלעפּן זיך די פיס און מיד רוקט זיך מיין גוף אַרויס:
כ׳באַטראַכט דעם נומער פון דעם מויער, די טיר, דעם שליסל אין מיין האַנט,
דעם שאָטן שוואַרץ־געבויגן אויף דער אָפּשפּיגלענדיקער וואַנט,
איך שטיי אָן מוט צו געבן מיט דער האַנט ביים שלאָס אַ ריר;
וואָס ציטערט אויף מיין האַרץ פון שרעק? — הינטער יענער אומעטיקער טיר
וואַרט אָפּ מיך — איינגעהילט אין קרעפּ פון נאַכט — דער צער,
וואָס היט דאָרט אָפּ מיין בעט צוקאָפּנס, קאַלט און שטאַר
און טרעט נישט אָפּ פון מיינע בליקן, ווען איך בלייב אַליין
אַ ניכטערער, צי ווען איך ווער באַטויבט פון וויין.

זוי — אין גערעג נאָך אַ ביסל שוימענדיקער פרייד,
ילעפּט זיך מיין לעבן נאָך באַוואויגן פון אַ שווערער קייט:
פּטמאָל — מיט פריינד — אין אַ קאַפע־הויז, ביי טישלעך קלאָר און ווייס,
ימ פּנימער באַלויכטענע — אַרום מיר — אין אַ לבנה־קרייז.
יך טרינק דעם הייסן טראַנק, פון ווערטער לויטערע — ווי ערד ביימאָג
י שטראַלן פון דער זון, ביינאַכט דעם פרישן טוי!
ון אָפּט ביי אַ שטאַרקן טרונק, וואָס גיט אַ ברען ווי סם
ון וויגט די חושים ווי אַ שיפל אויף אַ כוואַליענדיקן ים —
ון דאָך — בלייבט שווער מיין האַרץ פון פיין און שווערער נאָך מיין קאָפּ און גרוי.

## נישטאָ קיין טרייסט

פאַריתומט איז מיין שוועל און פול מיט צער־כימערן,
און אומעטיק די ווענט און איך מיט זיי;
איך פרעג מיין האַרץ: קענסטו דיין אומעט ווער דערקלערן?
צו גרוים דער פיין וואָס מאַטערט טיף מיין זעל,
טאָ, זיפץ איך שטיל, קיינער זאָל מיין זיפץ נישט הערן.
שווער דעם אומעט פון דיין האַרץ פאַר מענטשן צו דערקלערן.

שווער דעם אומעט פון דיין האַרץ פאַר מענטשן צו דערקלערן:
פאַרבאָרגן גליט אין מיר אַ טיפער צער.
אַ ראַדיאָ שפּילט און ס'פאַלן שטיל די טרערן —
עס ציטערט אַ געזאַנג וואָס וועקט פריש אויף מיין לייד:
נישטאָ קיין פרייד וואָס זאָל מיט טרייסט מיך נערן,
טיפער זינקט מיין האָפענונג, מיין צאַנקנדיקער שטערן.

יאָ — טיפער זינקט מיין האָפענונג, מיין צאַנקנדיקער שטערן:
פאַרלאָשן ליגט מיין טרוים דאָ, אויף דער שוועל;
פאַר דיר נאָר, גאָט, מיט צוטרוי קען איך אַלץ דערקלערן:
דו האָסט באַשאַפן מיך און ווילסט מיך איצט צעשטערן,
ווי דו האָסט מיין היילקטום צעשטערט!
אָ, שענק מיר רו — גענוג מיר שוין צו טרערן.

## ווי דער קעמל

די לאַסט פון יאָרן ווערן שווער אויף די פּלייצעס שלעפּן —
דו טראָגסט זיי מיד און מוזט דיין קאָפּ איינבויגן;
באַקלאָגן זיך — פאַר וועמען? — איז בעסער — שווייגן:
זאָג — ווער קען מיט זיינע הענט דעם ים אויסשעפּן?

שלעפּסטו שטום דיין יאָך, ווי דער קעמל טראָגט זיין הויקער,
שפּאַנסט מיט אים, דורך מדבר־זאַמד און שטויבן;
עס גליט די זון און דער הימל איבער דיר, פון אויבן —
רופט אומעטיק: וויהי ערב און ויהי בוקר!

אַזוי וואַגלסטו דורך מדבר־וועלט, מיט צער און ליידן,
ביז דו ווערסט צו אַ גרינעם טאָל דערגרייכן:
דער מערב וועט פאַרלעשן זיך, דער הימל בלייכן,
און פאַלן ווערסטו מיד און זיך מיט די שטערן שיידן...

## ע ל ע ג י ע

קבר — מיט מאַרמאָר און מיט שפּיגלען
איבער די ווענט,
מיט עלעקטרי־לאָמפּן איבער מיין קאָפּ:
ווי דורות פאַרשוואונדענע, אונטער די ערד־שיכטן —
ליגן מיינע יאָרן באַגראָבן אין די שפּיגלען,
און צאַנקען פון די ווינקלען אַרויס.

און איך — אין „ווייסן", מיט אָפענע אויגן —
זאַפּ איין אין מיר די פאַרביישוועבנדיקע
פרילינגען, זומערן, ווינטערן — טעג און יאָרן;
פאַרלאָז איך דיך — קבר מיינס — פאַר האַלב־נאַכט —
לעשט זיך אויס דאָס „יאָרצייט ליכט" פאַר מיין טיר,
וואָס טרויערט איבער מיין לעבן.

## א ו מ ע ט

אומעט —
שלאָף איין
איבער מיינע קניען,
אונטערן לבנה־שיין
פון נאַכט־שטילקייט,
שלאָף איין:
איך וועל דיך באַוואַכן
אונטערן שאָטן
פון טויטע גאַסן.

## האַרבסט־בלעטער

אָ, איר ליכטיקע קאַרניוואַל־חלומות
פון מיינע יוגנט־נעכט —
וואו זענט איר? —
גאָלדענע האַרבסט־בלעטער
ליגן שוין פאַר מיינע טריט.

אָ, קאַרניוואַל־חלום פון מיין לעבן —
ווי גיך ביסטו פאַרשוואונדן
פון מיינע האָריזאָנטן:
נאָר עכאָס פון פרייד־געזאַנגען
גליען נאָך אין מיין האַרץ.

## זאָל איינשלאָפֿן די ערד

לעשט אויס די צער־געשרייען
איבער די גאַסן.

לאָזט אַראָפּ די נאַכט־ראָלעטן
איבער די רו־קאַמערן;

זאָל איינשלאָפֿן די ערד
אין איר שטילקייט:

איך וויל טרוימען
פֿון פֿאַרלאָשענע האָפֿענונגען.

## איבער שטילקייט פֿון דער נאַכט

ווען מײַנע ביינער וועלן רוען שוין —
אין קאַלטן וויגל פֿון דער ערד:
וועט אויפֿגיין אַ געזאַנג פֿון מײַן האַרץ,
איבער דער שטילקייט פֿון דער טריבער נאַכט;
און שוועבן וועט מײַן טרויער, אַרויף
צו די פֿאַרוואָלקנטע הימלען.

## אַזוי איז מיין גורל

אַזוי איז מיין גורל;
טעג וועלן זיך אָנצינדן
און אויסלעשן;
שטערן וועלן אויפגיין
און אַראָפּזינקען;
דורות וועלן אויפשטייגן
און פאַרשווינדן;
און איך — אַ נישט געזעענער —
וועל שפּאַנען דורך אייביקייטן:
אַזוי איז מיין גורל.

## ע ר ד

ערד — האָסט מיך אַרויסגעצויבערט
פון דיין איינגעווייד —
צו ליידן;

און פאַרשלינגען וועסטו
מיין געביין צוריק —
ווי אַ פאַרפייניקטן איוב!

# צייט

**1945 — 1939**

## ווי דער לייכט-טורעם

ווי דער לייכט־טורעם
שיקט, אין האַרבסט־נעכט,
ליכט איבער ים־שטורעם —
אַלע וואָגלענדיקע שיפן אַקעגן;
אַזוי טראָג איך
מיין גייסטיק פאַרמעגן
צו דער ליידנדער וועלט —
איבער אַלע גאַסן פון דער ערד.

## דורך נעכט פון צער

די צייט האָט מיך געצוואונגען
פון צער און פיין צו רעדן:
ווי קען דאָס הארץ דען זינגען —
ווען ס'בלוטיקט שטיל פון ליידן?

נו, — ברענג איך צו אייך שורות
פון איכה נאַר, — פון טרערן.
פון קאַמפן און פון גבורות —
פון טייוולשן צעשטערן:

איך האָב זיי שטיל געקליבן,
דורך נעכט פון צער... און האָפן...
און וואָס איך האָב פאַרשריבן —
איז בלוט... און טרערן־סטראָפן.

## נישט צעשטער דײַן גליק

די װעלט איז שײן, װי רײַך איז גאָטס באַשאַף! —
זי גיט דיר ברױט און װײַן, זי גיט דיר תענוג:
די פּירות אױפן בױם באַשײַנט די זון מיט גאָלד,
עס גיט דער טײַך דיר פיש, דער בין זײַן האָניק.

ס'איז אַלץ באַשאַפן, מענטש, פאַר דײַן געניס:
די ערד איז גרױס און רײַך, פול מיט װאונדער!
נאָר דו צעשטערסט אַלץ אונטער דײַנע טריט —
און איבער אוצרות שפּאַנסטו װי אַ בלינדער.

דו ביסט געשטראָפט: אין דײַנע אױגן רוט די נאַכט —
װאָס גאַרסטו, זאָג? — דו קאָנסט דאָך דענקען, רעדן:
די ערד ליגט גרײט פאַר דײַנע טריט מיט ברױט און װײַן —
און דו צעשטערסט דײַן גליק — דײַן גן־עדן.

## ט ר ײ ס ט

װען דער צער האָט זיך אָנגעזאַמלט אין מײַן האַרץ —
װי דער רעגן זאַמלט אָן זיך אין די הימלען,
װען עס הײבט מיט שטורעם אָן צו װימלען
און װערטער גײען אױף פון דער טיפעניש —
װי כװאַליעס טױכן אױף אין אַ ים, מיט שטורעם
און שטײַגן אױף מיט אימפּעט, פון אָפּגרונטס קברים:

דעמאָלט עפנט זיך מײַן האַרץ, גערירט, און מײַן צונג נעמט רײדן,
דעמאָלט װײטיק איך, מיט די װאָס לײַדן,
דעמאָלט שיק איך האַרבע װערטער צו דעם רשע, אים צו שטראָפן,—
און דעם מענטש, געפּײניקטן, מוטיק איך און טרײסט —
מיט האָפן, האָפן...

## דער גורל פֿון מענטש

ווֹיפֿיל מאָל ווײַנט דאָס האַרץ אויפֿן מענטשן־גורל ביטערן —
און עס ווערט דער ים געשפּאָלטן און — אַנטפּלעקט דער תהום:
און קברים־שיפֿן זע איך ליגן — חורבות־שפּליטערן
און מײַנע אויגן ווערן פֿול מיט שרעק פֿון אַ וויסטן טרוים.

ווֹיפֿיל מאָל הייבן אויף מיך אָדלער־פֿליגל — טראָגן
איבער וויסטע שטעט, וואו ס'האָט אַמאָל די פֿרייליכקייט געשאַלט
און שאָטנס זע איך דאָרטן אײַנגעקוואַרטע מיד, דערשלאָגן,
מיט אויגן אויסגעלאָשענע פֿון פּײַן, וואָס האָבן ווען געשטראַלט.

ווֹיפֿיל מאָל אַנטפּלעקט דער צער זיך פֿון דער וועלט, פֿאַר מײַנע אויגן
און בילדער בלוטיקע ציען זיך פֿאַר מײַנע בליקן גיך פֿאַרבײַ:
און איך בלײַב שטיין, ווי אַ ספֿינקס, די הענט צו זיי געצויגן —
וואָס שטרעקן זיך מיט דורות רחמים — אָן מאַכט צו העלפֿן זיי.

## דײַן ליכט

איך רוף צו דיר פֿון לייד, און רוף טאָג־טעגלעך,
עס הייבן זיך פֿון צער צעגליטע מײַנע הענט:
דער שונא יאָגט מיך נאָך אויף אַלע שטעגלעך,
ער פֿאַנגט מיך, ברענט מײַן לײַב, דאָך ווערט עס ניט פֿאַרברענט.

ער יאָגט מיך, ווי דער וואָלף זײַן שוואַכן קרבן,
איך לויף ווי דער הירש, פֿאַרפֿאָלגט פֿון זײַנע ציין.
מיט אַרבע מיתות בין איך שוין געשטאָרבן —
דאָך לעב איך נאָך, פֿון האָפֿענונג געשטאַרקט, אין פּײַן...

גאָט! — ווי לאַנג נאָך וועט דער תליון מיך נאָכיאָגן?
מיר האַלטן פֿאַר זײַן רויב, צו שיסן מיט דער פֿײַל?
דער רשע שלאָגט און קען מיך ניט דערשלאָגן:
דײַן ליכט פֿאַרלעשן קען ער ניט — איך בין פֿון דיר אַ טייל!

## צום רשע

איך מאָן ביי דיר דעם רחמים צו דער וועלט,
מיך ארט נישט וואָס דו שעלטסט מיט ליפּן שוים:
מיין רייכטום איז, מיין ליבע צו דעם מענטש
דאָס גיט מיר פרייד, ווען כ׳דענק און ווען איך טרוים.

מיין הארץ פאַרדאַרבן קענסטו נישט מיט שלעכטע רייד,
כ׳מייד אוים דיין בליק, וואָס גליט מיט סם און קאָלט:
איך טראָג דעם אמת אין מיין בלוט, איך טראָג די זון,
די פרייד פון יושר לעבט אין מיר און שטראַלט.

וויי צו דעם וואָס לעשט דאָס מענטשן-גליק, מיט האַס
און שטרעקט צום ברודער-הארץ זיין שאַרפע שווערד:
פאַרדאַרבן וועט די שטראָף, זיין לייב ווי גראָז.
פאַרשלינגען אים ווי שטויב, וועט דאָך די ערד.

## געפלויגן אַן אָדלער

געפלויגן אַן אָדלער, די פליגל צעשפּרייט
מיט זילבערנע פליגל — אַ קעמפער-מאַשין:
געפלויגן דורך ווייטן, אַ יידישער זון —
דעם שונא צו שלאָגן געגרייט.

געפלויגן אַ קעמפער, די ימען געהיט,
געטראָגן זיך איבער די וואָלקנס און דרייסט, —
געגליט האָט אין הארץ אים אַ ליכטיקער גייסט,
די אויגן — צום קאַמף שוין געניט.

געפלויגן אַן אָדלער מיט פליגל פון שטאָל,
געלעכערט די שיפן פון שונא אָן צאָל,
געשיקט זיי צום אָפּגרונט פון שליימיקן תהום,
פאַרדעקט זיי מיט ברויזיקן שוים.

## אַ וויזיע

איך זע אַ ווינקל־שטאָט אַרומגעצוימט מיט מויערן,
עס גייט אַ וויזיע אויף אין דמיון, ביי מיר קלאָר,
איך פיל דעם צער פון יעדן ציגל טרויערן,
צי איז עס נאָר אַ חלום? צי דער אמת גאָר?

איך קלאַפּ אָן אין דעם טויער — עפענען צוויי היטער:
„די יידן־געטאָ!" — ברומען זיי און קוקן אויף מיר קאַלט.
איך שפּאַן דורך גאַסן, עלנטע, דורך שניי־געוויטער,
באַגעגן אין מיין וואָגל זעלטן אַ געשטאַלט.

כ'דערהויב מיין בליק, איך פאַרש די שטומע הייזער,
איך זוך אַ בלענד פון ליכט זאָל שטראַלן פון אַ שויב:
נאָר ס'שלאָפט די שטאָט, אַ וויכער טראָגט זיך מיט געבייזער,
עס פאַלט געדיכט דער שניי, די גאַס איז שטום און טויב.

צי לעבט ניט דאָ מיין ברודער, וואוינט נישט דאָרט מיין שוועסטער?
וואו זיינען זיי? — איך וואָגל אין אַ חלום, כ'פרעג און כ'זוך:
צו ברענגען זיי אַ טרייסט — ווערט מיין ווילן אין מיר פעסטער,
איך וואַנדער אום פאַרצערט, גאַס־איין, גאַס־אויס און כ'זוך...

אָט ווייזט זיך פון אַ שויב אַ בלייכער פרויענשטערן,
צוויי אויגן, בעטנדע, וואָס גליען דורך מיין האַרץ,
עס גלאַנצן איבער יענעם צאַרטן פּנים טרערן...
און באַלד פאַרלעשט די וויזיע זיך — די שויב ווערט שוואַרץ.

אומזיסט מיין מי, די געטאָ שלאָפט, ס'רוט דער געלער צייכן...
די הויכע מויער אַרום, זילבערט זיך, פאַרדעקט מיט שניי.
אָ, חלום מיינער, האָסט מיין גליק מיך ניט געלאָזט דערגרייכן:
מיך אויפגעוועקט צו פרי, מיין טרייסט אַוועקגערויבט פאַר זיי...

## אַ וויסטע נאַכט

אַ נאַכט, אַ נאַכט — אַ וויסטע נאַכט,
איך רו און כ׳קען נישט שלאָפֿן:
מיין האַרץ איז וואַך, איך ליג און טרוים,
די אויגן מיד און אָפֿן.

איך קוק אַרויס — דער הימל טריבט,
און גרויע נעפּלען פֿאַלן.
און ערגעץ ווייט אַ וויזיע העלט —
אַ בילד קלאָרט אויף אין שטראַלן:

אַ בליץ, אַ בלענד... און ווידער — נאַכט.
אַ טרוים האָט מיך פֿאַרלאָזן:
מיין מוח איז וואַך — איך ליג און הער,
ווי בייזע ווינטן בלאָזן.

און ווידער גיט אַ בלענד פֿון ווייט
און עפּעס נעמט זיך הויבן:
אַ בילד פֿון שרעק, אַ בילד פֿון צער
גייט אויף דורך זילבער־שטויבן:

קבֿרים, קבֿרים — אָן אַ סוף —
בערגלעך, לאַנגע רייען.
מתים־ביינער שטייען אויף
באַוועגן זיך און גייען —

קאָפּ־ביי־קאָפּ און גוף־ביי־גוף —
שאָטנס, שוואַרץ — זיך רוקן.
איך קוק און כ׳שטוין, איך שווייג און זע —
די אויסגעהוילטע בליקן.

„ווער זענט איר ווער?!" — איך פֿרעג. נאָר שטום —
קיין שאָרך איז נישט צו הערן.
נאָר הוילע לעכער שטאַרן פּוסט,
עס פֿאַלן פֿון זיי טרערן.

נאָר פּלוצלונג, שטורמען פֿלאַמען אויף
מיט יאָמערלעכן שרייען,

און ביינער־פינגער הויבן זיך
אין קרעמפנדיקע ווייען.

און ריי נאָך ריי — מיט שפּיז און ביקס —
זיי שאַרן זיך און רוקן,
און רופן ווילד: „געגנוג! געגנוג —
יונג־לעבנס צו פאַרצוקן"

„געגנוג, געגנוג — דו שלעכטע וועלט,
שטיל איין דעם פייער־שטורעם!
גענוג שוין איז די גרויסע ערד
באַפלאַנצט מיט יוגנט־קברים!"

„געקעמפט — באַקעמפט! געזיגט — באַזיגט!
פאַר וועמענס גליק געפאַלן?!
געשטורעמט פאַר מאַכט פאַר קיינעמס מאַכט!
איצט רוט דער גוף צעפאַלן!..."

„געטראָגן האַרץ אַנטקעגן טויט —
דורך פלאַמענדע געפאַרן:
פאַראויס! פאַראויס! — נאָר גלאָרי־קראַנץ!..."
פאַרבלענדט פון וויסטן נאַרן...

און אַלץ צעשטערט: ערד און מענטש:
פאַרפלייצט די וועלט מיט טרערן!...
גענוג גענוג — דער גרויסער צער —
האַלט איין דעם טויטס באַגערן!..."

און ווידער — שטיל: פאַרלאָשן אַלץ,
איך ליג און קען נישט שלאָפן:
דער מוח איז וואַך, און וואַך מיין האַרץ
די אויגן — פייכט און אָפן...

איך קוק אַרום: דער הימל שוואַרצט,
מיר דוכט — איך הער נאָך רופן:
„גענוג געקעמפט, דו בייזע וועלט!.."
און טראָפּנס־רעגן — טריפן.

## פון פינצטערניש

פון פינצטערניש אַרויס, האָט דיך מעפּיסטאָפעס כּוח דערהויבן:
געקרוינט דיך פאַר דעם הערשער פון וואַנדאַלן.
אין דיינע אָדערן — אַריינגעגאָסן בלוטן פון שאַקאַלן;
באַהויכט דיך מיט דעם גייסט פון טאָרקוועמאַדאַ.

דיין געביין — מיט שלאַנגען־פעל אַרומגעבונדן.
דיין רויבערישן מאַרך — מיט האַס צו פעלקער אָנגעצונדן
דיין האַרץ — דיר אָנגעפילט מיט ווילדקייט און פאַרראַטן,
דיין שוואַרצער זעל — צעגליט מיט דורשט, נאָך הונען־טאַטן:

דו ביסט מעפּיסטאָפעס זון — דער יורש פון זיין אומה.
דיין טייוול־גוף — איז איינגעהילט אין טומאה!
דיין צונג — אַ שלאַנגען־נעסט —
וואָס לאַקערט לעבנס צו פאַרסמען.

דיין חלום — קריג: דיין חלום גלוסט — רויב און מאָרדן!
און גרייטע זיינען דיינע ווילדע האָרדן —
וועלט צו זען אין פלאַמען!...

אַ תליון ביסטו — מיט דיין האַק — לעבנס צו פאַרשניידן!...
דיין וואונטש — איז נאָר, צו ברענגען פּיין און ליידן...
דיין גאָט — איז בלוט, דיין בלוט — איז האַס!
וואָס זידט מיט סם און פונקען.
עס וועט דיין שוואַרצער גייסט מיט דיר —
אין שדים־תהום פאַרזינקען!...

און איבער דיין רואינע — דיין פאַרשווינדן —
וועט, אַ נייער יום־טוב, איבער וועלט זיך צינדן!

## נאכט איבערן טירגארטן

אויסגעשטערנט בלענדט דער הימל;
ס'איז די נאכט א הארבסטיק-ווייסע, —
ס'פאלן בלעטער פון די ביימער
איבער דייטשלאנדס גרויסע טרוימער,
אויף די מארמאר-פעדעסטאלן...
און די בלעטער פאלן, פאלן.

ס'וואכן געטער אויף, צעהעלטע —
אין „טירגארטן" אויסגעשטעלטע:
ריזן-גייסטער: געטע, שילער.
ס'ווערט די נאכט אלץ שטילער, שטילער;
קוקן זיי, געהילט און טרויער
אויף דעם „בראנדענבורגער טויער".

איז דאס אמת, צי לעגענדע? —
ס'פלאטערט דארט א פאן א פרעמדע,
מיט א „סוואסטיקע" אין מיטן —
ווי א שפין שווארץ איינגעשניטן!...
קוקן זיי פארצערט און שטומע
אויף די צייכנס טייוולישע-קרומע.

קוקן אויף דער פאן און שטוינען —
מאצארט, מענדעלסאן, בעטהאווען,
לעסינג וואכט אויף פון זיין שלאפן:
קלוגע ליפן שטום זיך פרעגן,
און די קעפ זיך טריב באוועגן,
ס'גיט א בליץ פון זיי מיט צארן:
— פאטערלאנד, דו ביסט פארלארן!

ס'קוקן שטוינענד זייערע אויגן —
אויף דער שטאט וואס צער'ט אין רוען...
ס'קלינגט דער טורעם-זייגער שעהן —
אויפן שפיץ פון „קייזער-טעמפל":

שאַלט עס אַפּ פון „אונטער לינדן"
מיט אַ טיפן וויי, אַ בלינדן...
קלאַנגען פליען מיט געשמעטער:
„אַלץ פאַרראַטן... דאָנערוועטער ..."

עכאָס הילכן: אַלץ פאַרראַטן!
אונזער עטיק, שענסטע טאַטן;
אונדזער רום און אונדזער לערע!
ס'ליגט אין שטויב איצט אונדזער ערע!
רופן טויטע דייטשלאַנדס געטער —
דורך דער נאַכט, דער הארבסטיק שפּעטער.

פּלוצלונג, און ס'געשעט אַ וואונדער:
ס'לעבן אויף די מאַרמאָר־קינדער —
דייטשלאַנדס טרוימער נעמען שפּרייזן
מיט אַ גאַנג אַ שווערן, בייזן;
הענט דערהויבן זיך מיט טרויער
צו דעם „בראַנדענבורגער טויער":
נעמען זיי די פאָן צערייסן:

— פון די טייוולישע געווענדער —
פון דער שאַנד און פון דעם שענדער
וואָס צעשפּרייטן האַס און טומאה
איבער דייטשלאַנדס ערד און אומה...

באַלד ווערט שטיל: עס הויבט אָן זשאַרן,
קלאָרע כמאַרעס נעמען שפּאַרן,
ס'טריפט מיט טויען, בלעטער פאַלן
אויף די ווייסע פּעדיעסטאַלן —
וואו עס דרימלען איין די געטער
איינגעהילט אין נעפּל־וועטער.

(1938)

# דער קבר אין וואַלד

לזכרון מיינע צוויי ברידער און צוויי שוועסטער מיט די משפחות — אומגעקומענע פון די נאַצישע רוצחים, אין לאָדזש, פוילן, אין יאָר תש״ה.

האַלבע נאַכט, נעמט דער זייגער קלינגען שעהן,
ערגעץ אויף אַן אַלטן שטיינער-טורעם:
קומען שוואַרצע וואָלקנס אַן מיט אַ שטורעם,
שרעקן אויף די ביימער פון דעם טריבן וואַלד.

בייזע ווינטן נעמען טרייסלען אַלטע צווייגן,
מיט אַ ברומען ווי עס וואָלטן גייסטער וויינען;
די לבנה און די שטערן הערן אויף צו שיינען,
אַ געדיכטער נעפּל הילט די ערד אַרום.

דעמאָלט עפנט זיך אין וואַלד דאָס געהיימע קבר:
שוכני-עפר שטייען אויף, לויטער ביינער;
טויכן אויף פון די קופּעס זאַמד און שטיינער —
טהורים — פון די נאַצים לעבעדיק באַגראָבן;

מאַמעס מיט די קינדער שטעלן זיך אין רייען,
און אַ קדוש-טהור הויבט אָן קנות זאָגן;
דורך דער פינצטערניש טראָגט זיך אַ קלאָגן,
שטיל, נעילהדיק פלאַטערט דאָס געוויין: —

„שפוך חמתך — משפט זיי, ווי סדום ועמורה! —
די וואָס האָבן אונדז געפּייניקט ביי די גסיסות!
די וואָס האָבן אונדז צעשטערט מיט טויזנט מיתות!
הויב-אויף דיין נוקם-האַנט איבער זיי!״

און דורכן נעפּל — אין אַ גרויען שלייער —
טויכן אויף קדושות, יונגע, צניעותדיקע טעכטער,
געהייליקטע דורך מאָרד פון די „אילזע״-שעכטער!
פלאַטערט צו די הימלען שטום אַרויף דער צער.

און אויפן הימל, דורך די שוואַרצע, דיקע כמאַרעס —
ליכטיקט אויף אַ האַנט און נעמט מיט פייער שרייבן:
„פון עמלק וועט נישט דאָ קיין זכר איבערבלייבן!
אָפּמעקן וועל איך, אָפּמעקן זיין געביין!"

באַלד ווערט שטיל דער פאַרבאָרגענער בית-עולם:
דער קבר שלינגט די מתים איין — ווערט פאַרשלאָסן;
דונערן און בליצן שניידן דורכן וואַלד, עס נעמט גיסן,
ווי אַ מבול וואָלט די ערד אַרום פאַרגאָסן.

## וואו זאָל איך אייער קבר זוכן?

ברידער מיינע וואו זאָל איך אייער קבר זוכן? —
אין „מאַידאַנעק" אפשר, אונטער אַ מאָנומענט,
וואָס וועט ווערן לדורות אויפגעשטעלט —
די גערמאַנישע גרוילן צו ווייזן פאַר דער וועלט!

צי גאָר: זאָל איך אייערע נעמען זוכן
ערגעץ אין אַ פעלד, איינגעקריצט אין אַ שטיין? —
פון אייך ברידער, האַרעפּאַשניקעס פון פּוילן-לאַנד:
פון די נאַצים מיט ווייב און קינדער פאַרברענט.

אפשר וועלן אַמאָל דעם שטיין — גלעטן מיינע הענט
און מיין האַרץ וועט שטיל קדיש זאָגן...
און הויך, אין די הימלען — איבער מיר —
וועלן זיך גרויע האַרבסט-וואָלקן יאָגן.

## דער יום־הדין

ווער וועקט די קדושים פון מיין פאָלק
פון די גריבער?
וואָס הילן זיך אין וואָלקנס איין די הימלען
טריב און טריבער?
וואָס נידערט שוואַרץ די נאַכט אַראָפּ
אויף מאַסן־קברים? —
דאָס וועקן זיך קדושים אויף
מיט פייער־שטורעם:

מחנות שטייען אויף פון די קברים —
נעמען שפּאַנען:
מאַמעס, קינדער — קדושים, אומגעקומענע
פון טיראַנען;
מחנות טראָמפּלען, דורכגעלעכערט
רופן הויך און רופן:
„דייטשלאַנד, הער, דיין יום־הדין איז נאָענט —
דיך צו באַשטראָפן!"

מחנותווייז שפּאַנען קדושים, דורך נעכט
פון קאַמף און שטורעם —
איבער חורבות, וועלדער, פעלדער —
אויגן־לעכער גליען, פינגער גליען
איבער מאַסן־קברים;
מיט נקמה־צייכן:
אומגעקומענע קדושים שפּאַנען —
דייטשלאַנד צו דערגרייכן!

גהינמדיק פלאַקערט אויף די ערד
און ס'לעשן זיך די שטערן:
איבער אַלע שטעט פון פּרייסן־לאַנד —
האָגלען נעמט מיט פייער און צעשטערן.

## פאַרזיגלט איז דיין סוף

בערלין-קרוין-שטאָט פון הערשער. פון וואַטאַנס באַרבאַרן,
מעטראָפּאָל פון פּאַלאַצן, דענקמעלער און בלוטגיריקע האַרן:
פאַרזיגלט איז דיין סוף — איך זע שוין דיינע האַרן פאַלן.
און פלאַמען גייען אויף פון דיינע פּראַלערישע גאַסן,
פייער-קנוילן הייבן זיך אין דער נאַכט אַריין, צו די שטערן.
און דיינע מעדאַלירטע הענגען אויף פּאַרלאַשענע לאַמטערן.

בערלין — דיין דורות-לאַנגער טרוים: וועלט אונטערטעניגן —
האָט נאָך געלעבט אין אָדערן פון געקרוינטע; אַז קעניגן
וועט וואָטאַן איבער אַלץ, פון איין פּאָליוס ביזן צווייטן, —
אַז הערשן וועט דער אויסדערוויילטער דייטש איבער אַלע ראַסן.
מיט דעם ליד האָבן מאַמעס קינדער איינגעוויגט, חלומות זיי געשפּונען:
„דייטשלאַנד איבער אַלץ!"—נאָר מיכל זע—דיין חלום איז צערונען!

דיין סוף איז נאָנט, בערלין: איך זע שוין איבער ווייטע ימען
דיינע שלעסער ברענען — פעסטונגען צעפאַלן זיך אין פלאַמען!
און פון אַדאָלפס ברוסט קוקט די סוואַסטיקע אין דער נאַכט אַריין:
מיט גיהנום-שוואַרצקייט הענגט אַ שפּין, שטאַרנדיק צום הימל.
עס פאַלט דיין שוואַרצע מאַכט, פאַרלאָשן ווערט וואָטאַנס שטערן,
דיין „פירער" הענגט, אויף חורבות שטאַרט זיין טויטער בליק, פון אַ
לאַמטערן!

(1942)

## אונדזער נדר

ברידער — פון מזרח, מערב, צפון, דרום:
לאָמיר שווערן ביי די מאַסן־קברים
פון טרעבלינקע, און מאַידאַנעק
און ביי די — פון לובלינער אויוונבראַנד;
זאָל אָפּדאָרן מיר די רעכטע האַנט
און געליימט ווערן מיינע פּיס —
אויב איך וועל באַטרעטן ווען דאָס נאַצי־לאַנד.

ברידער — לאָמיר שווערן און אַ הייליקן פאַרבאַנד:
גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב! —
אויסגעלאָשן זאָל ווערן דאָס לעבן
פון דעם, וואָס וועט פאַרגעבן
דעם תליון פון אונדזער דור:
די וואָס האָבן אין אַ טייוול־כאָר
געזונגען דאָס „האָרסט־וועסל־ליד",
בעת דער ייד
האָט אין קאַלך־אויוון געברענט
און די פאַרקוילטע פאַקל־הענט —
געלויכטן צו גאָט:
א—ח—ד!

גאָט, זאָלן זיי אָפּגעמעקט ווערן פון דער ערד —
די וואָס האָבן די ריינקייט פון אונדזערע טעכטער געשענדט!
און אונדזערע עופהלעך לעבעדיק פאַרברענט.
אל קנא ונוקם!
זאָלן זיי צעשטערט ווערן
ווי סדום איז געוואָרן צעשטערט!

ברידער — לאָמיר שווערן
ביי די מאַסן-קברים פון די קדושים
און ביי די וויינענדיקע שטערן
ביינאַכט איבער בערגלעך ערד:

אויסגעלאָשן זאָל ווערן דאָס לעבן
פון דעם, וואָס וועט פאַרגעבן
דעם תליון פון אונדזער דור!
זאָל פאַרטיליקט ווערן זיין געביין —
אָ מ ן!

## משיח ביי די טויערן

געשמידט ליגט ער אין קייטן —
די ליידן זיינען גרויס;
ער וואַרט אויף נייע צייטן,
מיט פּעטלעם אויף די פיס.

ער וואַרט צו גיין אַקעגן
אַ וועלט באַשאַפן ניי,
ווען אַלע דערנער־וועגן
גערייניקט וואַרטן פריי —

מיט מענטשן ווי די געטער,
מיט ליבשאַפט אינעם בליק;
אַ ריינע וועלט אָן שפּעטער —
פון אמת, יושר, גליק.

דערווייל מוז ער דאָרט בלוטן:
ביז קומען וועט דער רוף;
פון מענטשן־טייל, דעם גוטן:
— דערלייזער קום, שטיי אויף!

## עס קומט אַ נייער טאָג

עס קומט אַ נייער טאָג —
די זון גייט אויף און גליט,
און טרינקט אָן פריש מיט קראַפט
דעם מענטש, די ערד, די בליט.

מיט טראָפנס גאָלד ווערט פול
די רויז, דער זאַנג, דאָס גראָז,
אַ היילונג טריפט אויף אַלץ
פון יעדן ווינטל-בלאָז.

עס קוואַלט די זון מיט פרייד
אויף מענטש, אויף קנאָספּ און בוים,
גיסט אָן מיט ליכט דיין האַרץ,
לעשט אוים דעם וויסטן טרוים.

הויב אויף דיין קאָפּ פון צער —
אַ נייע וועלט גייט אויף,
דער טאָג איז יונג צעשטראַלט
און וועקט דאָס האַרץ: וואַך אויף!

די ערד צירט אוים זיך גרין —
דאָס לעבן בליט אויפסניי,
און יעדעס גרעזל זינגט:
עם ישראל חי!

## אַ ליכט גייט אויף

עס זינגט מיין האַרץ פון פרייד — אַ ליכט גייט אויף אין מיר:
איך הער אַ קול וואָס רופט פון איבער ימען ווייט:
„עם ישראל חי! — די פרייד קלאַפּט אין מיין טיר: —
דיין ערד איז אויסגעלייזט און דיין פאָלק באַפרייט!"

און ס'זינגט מיין האַרץ און זינגט צום הימל מיט אַ לויב:
עס וועט מיין היימלאָז פאָלק נישט נע־ונעדן מער;
עס רייניקט אָפּ פון זיך דעם שווערן וואַנדער־שטויב;
איך הער פון אַלע עקן וועלט זיין פרייד־געזאַנג, איך הער!

איך הער די טריט פון פאָלק, איך הער אים אין זיין גאַנג:
דאָס וואַנדערט ער אַהיים צוריק, צו זיין אבות־ערד;
נאָך צוויי מאָל טויזנט יאָר שאַלט ווידער זיין געזאַנג:
„משיח איז מיט אונדז, באַפרייט איז אונדזער ערד!

און ס'זינגט מיין האַרץ און זינגט צום הימל מיט אַ לויב:
עס וועט מיין פאָלק ישראל נישט נע־ונעדן מער;
עס רייניקט אָפּ פון זיך דעם שווערן וואַנדער־שטויב! —
איך הער פון אַלע עקן וועלט זיין פרייד־געזאַנג, איך הער!

# יום־טוב אויפן כרמל

דער כרמל גליט אויף העל פון שטראַלן,
די זון איז אַרוים פון איר שייד;
צום מזרח ווענדט דוד די בליקן —
זאָגט תהילים, צום אויפגאַנג, דערפרייט.

דיכטער קומען און ברענגען אים גרוסן,
זיי שטייגן אויף באַרג צו זיין טראָן;
סגליט דער כרמל ווי גאָלד אָנגעצונדן,
זוניק פלאַטערט די יידישע פאָן!

זיי קומען, געלייטערט פוןליידן —
זיי האָבן דאָס פאָלק דאָרט געטרייסט;
מיט לויטערע תפילות געשטאַרקט זיי —
געמוטיקט דעם יידישן גייסט.

זיי קומען דאָרט ריין און געטובלט —
געקרוינטע פון גאָט, שטראַלן זיי;
די אויגן מיט ליכט פון נביאים,
די פנימער — קלאָר ווי דער שניי.

מיט פרייד שפאַנט דער מלך אַקעגן:
„שלום, ברידער!" — ער דריקט יעדנס האַנט —
געגריסט זייט, איר קעמפער, פאַר יושר,
עס גריסט אייך דאָס יידישע לאַנד!

„איר ברענגט מיר אַ גרוס פון צער־טאָלן —
די ליידן דאָרט — איז מיר נישט פרעמד;
נישט פרעמד זיינען מיר יעקבס טרערן —
ווי די קרוין אויפן קאָפּ, ווי מיין העמד."

ער גיסט אָן די גאָלדענע בעכער,
דער טיש מיט די בעכער — פאַרבלענדט;
די בערג־שפּיצן גליען, צעשטראַלטע,
עס זינגען די בעכער אין הענט!

## געבענטשט איז אייער לעבן

איר אַקערט דאָרט, ברידער, מיט שווייס און מיט טרערן,
מיר הערן דאָ פאַלן די טראָפּנס, מיר הערן.
איר אַקערט די פעלדער מיט בליציקע מעסער,
ביי אונדז איז די פרייד גרויס, ביי אייך איז זי גרעסער:

איר עסט דאָך דעם ביסן פון אייגענע בייטן,
פון גאָלדענע קערנער געמאָלט און געקנעטן,
די זאַנגען האָט איר דאָך געפלעגט און געהיטן,
און זיי, מיט געזאַנגען פון פעלד אָפּגעשניטן.

געבענטשט און געהייליקט איז דאָרטן אייער מיען —
ווען ס׳גייען אויף פעלדער אין גאָלדענעם בליען:
געבענטשט איז אייער לעבן, דער יידישער, גייער,
ווען ס׳זינגען די קערנער אַרויס פון דעם שייער!

### מיט גאולה-פרייד

אויפן האָריזאָנט האָט אויפגעשיינט ישראלס שטערן:
ירושלים — אויפגעוואַכט פון לאַנגן, וויסטן טרויער;
באַלויכטן איז מיט גאולה-פרייד דער טרערן-מויער —
משיח איז מיט אַלעמען, אויף אַלע וועגן! —
מיט דערלייזונג שפּאַנט דאָס פאָלק אים אַנטקעגן,
בטחון גליט אין יעדנס האַרץ, אין די אויגן טרערן.

און יעדער טריט גליט יונג, געשטאַרקט פון גאולה-ניגון,
אין יעדן האַרץ אָטעמט גאָט אַריין זיין קראַפט און גלויבן;
דאָס האָט יהודה זיך נאָך צוויי טויזנט יאָר דערהויבן —
אַראָפּגעריסן פון זיך אַלע שווערע גלות-קייטן!
באַפרייט זיין ערד — זינגען בערג, בליען פעלדער, בייטן,
און איבער אַלעם רופט גאָטס-בונד: „מיין פאָלק, וועסט זיגן!"

## דורך נאַכט און שטורעם

ס'פליט און פליט אַן עראָפּלאַן,
און זידט און זשומט און זינגט
שוועבט און שוועבט און שוועבט —
דורך נאַכט, דורך שטורעם און ווינט;

ער זעגלט לייכט, געשווינד,
די פליגלען אויסגעשטרעקט,
די ברוסט צום שטורעם אַנטפּלעקט,
ציט פאָראויס צו דער ווייט;

פון דונער, בליץ־געקרייצט,
פון רעגן־שטראָם פאַרפּלייצט;
דאָך פליט ער, פליט און פליט,
און רוישט און זידט און ציט;

ער פליט דורך שטורעם און נאַכט,
דורך פינצטערניש — צו ליכט! —
דעם קאָפּ פאָראויס געווענדט
צום מזרח, וואו עס בלענדט
אַ שטערן פון דער ווייט;

ס'שטראַלט אויף זיין האַרץ מיט פרייד
און פאַכט און קלאַפּט און גליט,
און זינגט און זשומט און זידט,
און ציט און ציט און ציט —
אַנטקעגן ווינט־געשטוים —
פאָראויס! פאָראויס! פאָראויס!

ער שוועבט לייכט מיט געזאַנג,
דורך נאַכט און בליץ־געדראַנג —
צו ערגעץ וואו אַ ברעג,
פון ליכט און נייע טעג!

# אינהאַלט

## א. אויף דיין ערד — אַמעריקע



## ב. ס׳געזאַנג פון דער ערד



## ג. לויבן



## ד. יידן פון אַמאָל

## ה. אין די טעג פון מיין יוגנט



## ו. צער



## ז. צייט



## ח. עם ישראל חי